Leivick, H.
Hirsh Lekert :
dramatishe poeme in
zeks bilder.
Vilne, 1931.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005-1896.16

**Leivick, H., 1888-1962.**
Hirsh Lekert : dramatishe poeme in zeks bilder.
Vilne : B. Kletskin, 1931.
111, [2] p. ; 21 cm. Geklibene verk.

1. Yiddish drama.--lcsh
I. Geklibene verk. II. Lithuania-Vilna III. Leivick, H., 1888-1962. Geklibene verk.

ID : NXYH02-B1658 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /17952a

Reduction ratio x 10.0

געקליבענע ווערק פון ה. לייוויק

# הירש לעקערט

דראַמאַטישע פּאָעמע
אין זעקס בילדער




ווילנע — 1931

ווילנער פארלאג פון ב. קלעצקין

געקליבענע ווערק פון ה. לייוויק

# הירש לעקערט

דראמאטישע פאָעמע
אין זעקס בילדער


ווילנע — 1931

ווילנער פארלאג פון ב. קלעצקין


ה. לייוויק

# הירש לעקערט

דראמאטישע פאָעמע
אין זעקס בילדער







ווילנע — 1931

ווילנער פארלאג פון ב. קלעצקין


2/179524

## פּערזאָנען

הירש לעקערט — אַ שוסטער.
זיין ווייב.
זיין מאַמע.
זיין פעטער.
ר' זאַליע — אַ ייד אַ למדן.
מענדל — אַ האָסערפּרעגער, זאַליעס זון.
איסאַק — אָנפירער פון „באַיעהאַי אָטריאַד".
אוסישקין — מיטגליד פון קאָמיטעט.

רחל
רייזל
יאָשקע בויגער
פייוול שלאָסער
רחמיאלקע באַלעגאָלע
וועלפקע מאַליער

(בונדיסטן, מיטגלידער פון „באַיעהאַי אָטריאַד".)

פאָן וואַל — גובערנאַטאָר.
ראַבינער.
שטיל־אַריינגעקומענער.
באַלעבאָסטע פון אַ טיי־שטיבל.
יידן, אַרבעטער, טורמע־וועכטער.




PRINTED IN POLAND

H. Leiwik — Hirsz Lekert
Drukarnia „Wyd. Wileńskie" B. Kleckina, Wilno

## בילד איינס

א קעלער-וווינונג פון לעקערט. רעכטס א טיר צום קעמערל, ווו עס וווינט זאליע מיכעס, א ייד א למדן, וואָס זיצט אייביק און לערנט, און זיין זון, מענדל דער וואַסערטרעגער. אין פאָרנט א קיך מיט אַן אויוון. די שטוב אַליין, ווו עס געפינען זיך די לעקערטס,— איין חדר. גרויסע אָרימקייט. צוויי בעטן, א טיש א נאַקעטער און אַפּאָר לאַנגע בענק.

פרימאָרגן. דער אויוון ברענט. הייב און מאַמע זענען פאַרנומען מיטן אויפראַמען, דרייען זיך ארום אין שטוב און קיך. מאַמע-קראַנק, באַוועגט זיך שווער. איר קאָפּ איז ארומגעבונדן מיט א נאַסע טוך. הייב נאָך א יונגע, א יאָר איין-און-צוואַנציק. א מידע, א פאַרגאַנגענע אין טראָגן, מיט אַן אויסגעליטענעם פאַרשוויגענעם פנים, פאָרעט זיך ביים אויוון מיט קאַרטאָפל. אָנגעטון זענען די פרויען נאָכלעסיק מיט טיכלעך אויף די קעפּ. פעטער—א גוטמוטיק, לעבעדיק יידל, א שוסטער, שטייט אין טיר צווישן קיך און שטוב און רעדט, דריי-ענדיק מיטן קאָפּ אַלע ווײלע צו יעדער זייט, ווו די פרויען באַוועגן זיך. אונטערן רעכטן אָרים-טלית און תפילין. אויף דער לינקער האַנט עטלעכע באַליעוועס. פון קעמערל דערטראָגט זיך אָפּט א שטילער אָבער זיכערער ניגון פון זאַליען. דאָס זיצט ער און לערנט.

פעטער

איי, איז דאָס אַ הירשקע, — אַ פּלימעניק.
איי, איז דאָס אַן אורח אַזש פון קאַטערינאָסלאַוו. —
נישט געקומען נאָך געוואָר ווערן דעם פעטער מיט דער מומען.

מאַמע

דו פרעג, צי האָבן מיר אַליין אים אָנגעקוקט געגוג.
ערשט נעכטן אָנגעפאָרן. נו, — און זעסט דאָך:
קיין ברעג פון בענקל נאָך נישט אָנגעוואַרימט.

פעטער

(צום ווייב)

נו, און דו וואָס זאָגסטו?

(ווייב שווייגט)

מאַמע

מסתמא זענען פרעמדע בילכער.
מסתמא האָבן פרעמדע מער די אויגן אויסגעוויינט,
ווי איך, ווי זי. (וויינט)

ווייב

(מיט געבעט)

שווייגער.

פעטער

שוין צייט געוווינט צו ווערן צו דעם אַלעם.
הירשל איז דאָך היינט נישט אַבי ווער—אַ קעמפער.

מאַמע

הער אויף מיט דיינע וויצן.

פעטער

אָט האָסטו דיר—וויצן, איך מיין דאָס אמת.
אַ מענטש האָט אָפּגעקאַטעוועט אַ יאָר אָסטראָג,
דערנאָך אַ יאָר אַ צווייטן פאָד-נאַדזאָר.
ער קען שוין זיין אַ גאַנצער יחסן איצט ביי זיי, ביי חברה.
וואָס—אַליין געקומען?



מאַמע

(מורא)

אַנטלאָפן.

פעטער

(מיט וואונדער)

פון פאָד-נאַדזאָר אַנטלאָפן! איי, איז דאָס אַ הירשקע!

ווייב

און וואָס אין ווילנע טוט זיך—ווייסט איר דאָך מסתמא.

פעטער

אַ שאלה צי איך ווייס. פּחד, אימת-מות,
פאָן וואַל דער גובערנאַטאָר—איי, איז דאָס אַ רשע. —
ער שלאָגט, ער פּייניקט, און צו יידן ערגער נאָך ווי המן.
נו, און חברה וויל נישט שווייגן, —
ערשטער מאַי איז היינט ביי זיי.

ווייב

(מיט טרערן)

האָט אים אָנגעטראָגן אַקוראַט צום ערשטן מאַי.

פעטער

וויין נישט.

ווייב

מ׳עט אים ווידער אַרעסטירן.

פעטער

ער ווייסט נישט, אַז ער דאַרף זיך איצטער היטן?
דאָך באַלד אַ טאַטע ווערן.

ווייב

(פאַרשעמט רוקט זיך ארויס אין קיך.)

פעטער

אַ יידישע זאַך. נישטאָ זיך וואָס צו שעמען.

(מען הערט פון קיך ארויס הייבט בליפען. פון קעמערל זאָליעם ניגון.)

מאַמע

אַ ביסערער צער אויף איר. אַ שטיל קינד.

פעטער

(ליגט צו אַן אויער צום טיר פון קעמערל, צו זיך אַליין):

זיצט אַ ייד און לערנט און האָט די וועלט אין דר'ערד.
נישט אַזוי ווי מיר — האַווען, האַווען.
און ווו איז מענדל — דער חכם זיינער?

מאַמע

ווו זאָל ער זיין? טראָגט וואַסער.

פעטער

נו, זעסט: דער טאַטע—אַזאַ למדן. און דער זון —
אַ וואַסערטרעגער, אַ שטיק נאַר.

(באַהעגט זיך נאָכן קול פון זאַליען)

איי, איז דאָס אַ ניגון—אַ מחיה, זיס ווי צוקער.

(עס קומט אַריין רייזל — אַ יונג מיידל, פאַרפּוצט אין
אַ שוואַרצער בלוזע מיט קוטאַסן. בלייבט אין קיך
מיט הייב, בויגט זיך אַריבער אין שטוב אַריין און
זאָגט: גוט מאָרגן.)

מאַמע

גוט יאָר דיר, גוט יאָר.

רייזל

ליב אייך אייער גאַסט.

מאַמע

אַ דאַנק, טאָכטער. (צום פעטער) ס'איז רייזעלע, אברהם דעם רימערס.
געחלשט הירשקען, אויסגעגאַנגען נאָך זיינע טריט.
און ער—ניין און ניין. נישט געוואָלט זי.
אַ מיידל אַ פאָרדינערין — אַ שניידערקע.
און איצטער איז מען ווידער דרושקעס.

פעטער

אויך פון זייערע, מסתמא —



מאַמע

נו, ווי דען, אַוודאי, אָבער אַ ווויל קינד.
פלעגט יעדע וואָך אַריינקומען זיך נאָכפרעגן,
וואָס הערן מיר פון הירשקען. ליב און איידל.
און טאַקע גרינגער מאַכן אויפן האַרצן, און אַמאָל
אַפילו מיט אַביסל געלט אַרויסהעלפן.
זי האָט אים איצטער אויך אַוודאי ליב—הירשקען.

רייזל

(קומט אַריין, ציט פאַר אַ האַנט דאָס הייב)

געגוג צו וויינען, טייערינקע. (צו דער אַלטער)
ווי קוקט ער אויס דער אורח? חושך?

ווייב

ניין, נישט חושך. נאָר עפעס גלאַט מאָדנע.

מאַמע

אַ שווייגער געוואָרן. פרעמד. געזען אַזוינס!

פעטער

נישקשה, זאָל ער נאָר צוריק אַ נעם טון
אַ קאַפּול אין די ידים, אַ העמערל —
(צו רייזל) וועט איר טאַקע גיין היינט מיט הקפות?

רייזל

וואָס מיינט איר?

פעטער

איך מיין—אָט—ווי רופט מען דאָס ביי אייך?
מיט דער רויטער פאָן.

רייזל

(לאַכט)

יע, מירן גיין.

פעטער

זאָל הירשקע זיצן אינדערהיים היינט. זאָגט אים.

מאַמע

רייזעלע.

ר י י ז ל

דאָס קען איך אים נישט זאָגן.

פ ע ט ע ר

איי, איז דאָס אַ חברה.

מ אַ מ ע

(שלעפּט זיך צו צום בעט, זעצט זיך קוים אַרונטער. רייזל האַלט זי צו)

ר י י ז ל

לייגט זיך, באָבינקע.

מ אַ מ ע

ווי קען איך?

(עס קומט אַריין מענדל מיט עמער אויף די אַקסלען, פאַרהאַקסן מיט אַ רויטער באָרד. אָפּגעריסן, האַלב באָרוועס. אַ יאָר דרייסיק אַלט. אויסקוק פון אַ תּם מיט אַ מינע פון שטילן הייבן שמייכל.)

מ ע נ ד ל

הירשקע דאָ?

פ ע ט ע ר

וואָס איז, חכם מיינער?

ו ו י י ב

טשעפּעט אים נישט, פעטער.

פ ע ט ע ר

צעטראָגן שוין דאָס גאַנצע וואַסער, מענדל?

מ ע נ ד ל

צעטראָגן, אַ כאָליערע אים אין די זייטן.

פ ע ט ע ר

וועמען שעלסטו?

מ ע נ ד ל

שעפּען. ער מיינט, אַז ער איז אַ גביר—איז—איז.
זיבן צעבערס וואַסער אָנגעשלעפּט אים — און — און
—אַ צענער קוים. אַ פינצטערער יאָר.



פ ע ט ע ר

(קרימט אים נאָך)

אַ פינצטערער יאָר.

מ ע נ ד ל

(פלוצלינג מיט כעס, שפּאַנט אויפן פעטער)

גאָר קרימען זיך.
איך האָב נישט מורא מער פאַר ווילנע.
איך פאַרשווייג נישט.

פ ע ט ע ר

(רוקט זיך אויף צוריק)

זע נאָר, זע נאָר.

מ ע נ ד ל

(רויקער)

ער איז געזונט, הערשקע?

מ אַ מ ע

יע, מענדל.

מ ע נ ד ל

(מיט פרייד-געלעכטער)

גוט, מיין חבר איז ער.
אין איין תּלמוד-תּורה מיט מיר געגאַנגען.

ז אַ ל י ע

(באַווייזט זיך אויפן שוועל פון קעמערל. אַ זקן, אַ דינער, אַ הויכער, מיט אַ שאַרף, חיים בערדל. גריסט זיך נישט מיט קיינעם. שטייענדיק אין טיר, זאָגט בייז און אָפּגעהאַקט)
אַהערצו גיי.

(מענדל מיט האַסטיקייט אָפּ אין קעמערל אַריין. דאָס טירל פאַרמאַכט זיך. ניגון צוריק.)

פ ע ט ע ר

איי, איז דאָס אַ טאַטע. אַ גזלן.

מ אַ מ ע

ער האָט אים האָלט דער אַלטער. זעט אים צו, דערלאַנגט אים עסן און בעט אים אויס די בעט אפילו, ווי אַ מאַמע.

רייזל

אַ מענטש האָרעוועט. שלעפּט וואַסער,

(צו פרוי לעקערט)

וואָס איז אייך, טייערינקע, ווידער?

(פרוי פאַרשווינדט אין קיך צוריק. רייזל נאָך איר.)

מאַמע

אַ שווערן טראָגן האָט זי נעבעך. זיך. וואָס זיצסטו נישט! —

(אַזוי ווי צו זיך.)

קיין גאַנץ העמד נישט אויפן לייב. קיין ריכטיק קליידל.

(שטיל. זאַליעס קול. עס קומט אַריין לעקערט. מיטע-
לער הויך, שוואַרצע האָנצעס, ברייטע פּלייצעס. שטאַר-
קער טראָט. פּנים אַביסל אויסגעצערט. פּראָסטקייט,
איינגעשפּאַרטקייט, ערלעכקייט. ווען ער שמייכלט איז
דאָ אין אים אַסך יינגלשעס.)

לעקערט

(אין קיך נאָך, דערזעענדיק רייזלען)

רייזל! (כאַפּט זיך אַרום מיט איר. קושן זיך.)

פּעטער

(לויפט אַנטקעגן)

שיינער מענטש דו, שיינער פּלימעניק מיינער. (כאַפּט אים אַריין
אין די אָרימס, קושט אים, שלעפּט אים אין שטוב אַריין.)

פּעטער

מען דאַרף אויף דיר אַזוי לאַנג וואַרטן.

(פרוי און רייזל אין טיר. רייזל קוועלט אָן. פרוי מיט אומעטיקן
שמייכל)

לאָמיר דיך אַזוי נאָר אָנקוקן.
אַז זיי ריידן וועגן דיר אַזוינע זאַכן.

לעקערט

וועלכע זאַכן?

פּעטער

אַז דו טאַנצסט שוין נישט און שפּרינגסט שוין נישט און
רעדסט נישט.



לעקערט

וואָס מאַכט די מומע?

פּעטער

געזונט, אַ דאַנק השם יתברך.

לעקערט

(צו דער אַלטער, וואָס זיצט אויפן בעט מיטן קאָפּ אָנגעשפּאַרט
אָן קישן)

וואָס איז דיר, מאַמע?

מאַמע

דער קאָפּ, נישט פאַר דיר געדאַכט.

לעקערט

(צום ווייב)

און וואָס איז מיט דיר? ביסט בלייך אַזוי. (לייגט אַרויף זיינע
הענט אויף אירע אַקסלען, קוקט זיך איין אין איר.)

ווייב

(אויפגעלייגט אונטער זיין באַריר)

ס'איז גאָרנישט, הירשל.

לעקערט

האָסט ווידער געוויינט.

ווייב

ניין, ניין.

לעקערט

(נעמט אָן איר פּנים, גלעט זי פאַר די באַקן)

וויינסט צופיל.

ווייב

(באַהאַלט איר פּנים אויף זיין אַקסל, כליפּעט)

לעקערט

אַזוי וועט נישט טויגן.

ווייב

האָב נישט קיין פאַראיבל.

לעקערט

האָסט געגעסן שוין?

ווייב

אַז מיר וואַרטן דאָך אויף דיר.

לעקערט

אַך, צו וואָס? (קען זיך קיין אָרט נישט געפינען. פילט אויף זיך אַלעמענס בליקן. צו רייזלען, וועלכע האָט זיך אָפּגערוקט אין אַ ווינקל און מיט טיפע אויגן נאָכגעקוקט זיין יעדע באַוועגונג.)
נו, רייזל.

רייזל

נו, לעקערט —

לעקערט

פאַרוואָס מיטאַמאָל לעקערט, נישט הירשקע?

רייזל

איך ווייס אַליין נישט. ביסט טאַקע עפּעס אַן אַנדערער.

לעקערט

מוז איך דאָך נישט אייביק זיין הירשקע שפּרונג, הירשקע פייף

רייזל

האָסט נישט קיין חרטה אויף דעם יאָר טורמע?

לעקערט

אָ, ניין, ניין.

רייזל

איך בין דיר אַזוי מקנא. ביסט געזעסן מיט חברים?

לעקערט

אַביסל צייט. דערנאָך אַליין אין אָדינאָטשקע.

רייזל

איינער אַליין?

לעקערט

נישט שרעקלעך. אַ נאַש בראַט דאַרף עס.
איבערטראַכטן דאָס אייגענע לעבן.

רייזל

נו. איבערגעטראַכט?



לעקערט

(פאַרשעמט)

יע, געפּרוווט אויך לערנען, לייענען און שרייבן.

פעטער

(פון קיך אַרויס)

איי, איז דאָס אַ הירשקע, קען שוין לייענען און שרייבן.

לעקערט

פעטער! (צו רייזלען) נו און דו?
שוין אויך אין דער באַוועגונג. הער איך.

רייזל

יע.

לעקערט

און מיך האָסטו נישט געלאָזן אַגיטירן דיך.
ביסט בייז געווען אויף מיר.

רייזל

(פריילעך)

צו וואָס דערמאָנען, הירשקע? מען דאַרף נישט.
(שטראַלנדיק) אַזוי מקנא בין איך דיר.
אַזוי מקנא. (שטיל) וועסט קומען היינט?

לעקערט

(אויך שטיל)

דו פרעגסט נאָך!

רייזל

איך דאַרף שוין גיין. מירן זיך זען נאָך.

לעקערט

איך וואָלט וועלן מיט דיר רעדן מער.
איך הער, ס'איז עפּעס דאָ נישט פריילעך.

רייזל

נישט איצט. (צו אַלעמען) אַ גוטן אייך. (אָפּ)

פעטער

(גייט צו צו לעקערטן, קלאַפּט אים אין פּלייצע)
טאָ הער-זשע, גוטער-ברודער. —

אַ סאַרטעך האָסטו, נעם און טו אים אָן,
און זעץ זיך ביים וואַרשטאַט ביי מיר אין שטוב.
און נעם דאָס נאָדעלע, און נעם דאָס דראַטוועלע
און מירן ביידע אָט־אַזוי אַ קלאַפּ טון מיט די העמערלעך.

לעקערט

איך וועל גיין אין אַ מעכאַנישער שוסטעריי, אין אַ פאַבריק.

פעטער

צו וואָס פאַבריק? ביי מיר אין שטוב,
ביי אייגענעם וואַרשטאַט. אַזאַ מחיה.

לעקערט

כ׳וועל גיין אין אַ פאַבריק.

פעטער

איך וועל דיר נישט קריוודען

לעקערט

אין אַ פאַבריק, ווו עס אַרבעטן אַסך.

פעטער

(פאַרלאָרן)

איי, ביסטו אַ הירשקע! (נעמט זיך איילן) נו, טאָ זייט מיר אַלע...
(לאָזט זיך גיין, כאַפּט זיך צוריק, נעמט אָן לעקערטן פאַר אַן אַקסל, קוקט אים אין די אויגן, בעט זיך) פאָלג אַמאָל אַ פעטער.
גיי נישט היינט אויף דער דעמאָנסטראַציע.

לעקערט

(אומגערן)

פעטער — —

פעטער

איי, טאַטע־פאָטער, טאַטע־פאָטער.

(אַפּ אנטריסטעט. פרוי קומט אריין. זעצט זיך אויפן בעט צופוסנס דער אלטער. זאליעס קול.)

לעקערט

אַז איר וועט אַזוי אַלע וויינען איבער מיר,
וועל איך זיך אויפהייבן און אַוועקפאָרן צוריק.



מאַמע

(הויבט זיך אויף)

נו, וואָס זאָלן מיר טון, זון מיינער. מיר זענען עלנדע.

לעקערט

נו, וואָס זאָל איך טון? זאָגט!
אַז איך בין פאָרט אַ קעמפער.

ווייב

נישט יעדער קריכט אַזוי אין פייער.

לעקערט

אַז ווו אַ טראָט איז פייער.
וואָס הייסט איך קריך.—איך גיי. איך מוז.

ווייב

מען קען דיך שוין נישט איבעררעדן, אָבער היטן זיך אַביסל.
מ׳עט דאָך דיך אין סיביר אַוועקשיקן.

מאַמע

מען מוז דאָס איינשטעלן דאָס לעבן? (לעקערט שווייגט)
וואָס שווייגסטו?

לעקערט

(מיט אימפעט)

ס׳איז מיר שווער צו רעדן, אַז איר וויינט.
נו, וואָס קען איך טון?
אַז איצט בין איך אַ קעמפער — בין איך מיטן גאַנצן לעבן,
מאַמע...

מאַמע

צי דו׳סט שוין איבערמאַכן די וועלט,
הירשקע?

לעקערט

דו וועסט זען, מאַמע,
אין עטלעכע יאָר אַרום. די גאַנצע וועלט וועט ווערן פריי.
אַפריער רוסלאַנד, דערנאָך די גאַנצע וועלט.
און עס וועט נישט זיין מער קיין אָרים און קיין רייך,
און אַלע מענטשן וועלן זיין גלייך;

און קיינער וועט דעם אַנדערן נישט וויי טון.
וועסט זען, מאַמע, נאָך אַפּאָר יאָר, נישט מער.
לאָמיר נאָר פונעם קייסער פּטור ווערן.

מאַמע

אוי-וויי איז מיר, רייד שטילער.

לעקערט

נישקשה, מאַמע, קיינער הערט נישט.

מאַמע

גרעסערע קעפּ פון דיר האָבן
גאָרנישט געקענט אויספירן.

לעקערט

ווייל דער ראַבאָטשי נאַראָד האָט געשוויגן.
און איצט האָט ער זיך אויפגעהויבן.

מאַמע

(קריכט ארונטער פון בעט, בייז, מיט התראה)

האָסט פאַרגעסן, אַז אַ קינד קומט?
צו וואָס האָסטו זיי גערופן קיין קאַטערינאָסלאַוו, האַ?

ווייב

מיין האַרץ ווערט מיר צעריסן

לעקערט

וואָס איז מיט אייך? איך שטאַרב נאָך נישט.

ווייב

איך האָב מורא. איך ציטער.

מאַמע

(כאַפּט אים פאַר די הענט אויך מיט ציטער)

הירשקע! (קלאָגןביידע)

לעקערט

(אַן אויפגעשווידערטער)

וואָס באַקלאָגט איר מיך שוין?

(זאַליעס קול)



(עס קומען אריין יאַשקע בויגער, פייוול שלאָסער,
רחמיאלקע בעל-עגלה. געזונטע יונגען, שלעגער. לע-
קערטס אַמאָליקע חברים. איצט בונדאָווצעס, מיטגלי-
דער פון קאַמפּס-דרוזשינע)

רחמיאלקע

אַ גוטער מאָרגן. (די איבעריקע זאָגן נאָך. שטייען בײַם טיר אַביסל
נישט דרייסט, דערשפּירנדיק די אומעטיקע שטימונג אין שטוב.)

ווייב

גוט יאָר.

לעקערט

וואָס שטייט איר בײַם טיר? קומט אַריין.

מאַמע

(האָט זיך אריינגעכאַפּט צוריק אין בעט)

ווער איז דאָ?

לעקערט

מיינע חברים, מאַמע.

רחמיאלקע

ליב אייך אייער גאַסט.

מאַמע

נעמט אים נאָר נישט צו פון אונז.

ווייב

זיצט.

(זיי צעזעצן זיך ארום טיש)

פייוול

נישט גוט דאָ. (ווינקט צו לעקערטן) מיר וועלן בעסער גיין.

לעקערט

ש-ש... זיצט אַביסל.

יאָשקע

איך האָב ליב צו דברן.

לעקערט

נו, גוט.

פייוול

פאַרענדיק וועגן דער טורמע, וועגן קאַטערינאָסלאַוו.

לעקערט

נישט איצט. איך וויל אַפריער וויסן
וואָס טוט זיך דאָ אין ווילנע, אין היגן „בונד".

יאָשקע

וואָס זאָל זיך טון דאָ? ס'איז פאַסקודנע, איידל גערעדט.
פאָן וואַל דערגייט די יאָרן.

פייוול

ער אַרעסטירט אויף רעכטס און לינקס און—גאָרנישט.
נישט גוט ביי אונז אין דער באַוועגונג,
די בעסטע פאָרשטייער זיצן אין די טורמעס,
און די, וואָס זענען דאָ —

רחמיאלקע

לאָזן אונז אַ האַנט נישט אויפהויבן,
כאָטש נעם און שטעל זיך תהילים זאָגן...

יאָשקע

אַז איך זאָג דאָך דיר: ס'איז דאָסיק, איידל גערעט.
(אויפן אויער) דער קאָמיטעט אַליין האָט מורא.

רחמיאלקע

אַהער נישט גיי, דעם ריר נישט אָן און דעם שאַנעווע. —
דו געדענקסט דאָך, ווי מיר פלעגן עס אַמאָל צוזאַמען
אַ גאָראָדאָווּאָי צי אַ זשאַנדאַרם אַ שנעל טון אין פּאַטילניצע,
צי די שויבן פון אַן אַרעסט-הויז אַ קנייטש טון,
צי אַ פידל טאָן די זייטן פון אַ שטרייק-ברעכער
מיט זיין צאַצקעדיקן באַלעבאָס אינאיינעם; — —
אַ מחיה, פלעגסט אַ כמאַל טון, אַזש אַ רויך פלעגט גיין.
און איצט—אָ, פרעג שוין נישט—כאָטש נעם די הענט דיינע
און ווייק זיי איין אין אַ פאַס מיט שיינע ריידעלעך...
שטעל אַ פלעשל, הירשקע, שטעל. אַ רוח אין פאָן וואַלן

פייוול

וואָס פאַר אַ פלעשל אינמיטן דערינען. אַ שיינע מעשה!



דער באָיעוואָי אָטריאַד זאָל שיכור זיין אין ערשטן מאַי.

יאָשקע

אַז ס'איז טרויעריק אויפן האַרצן.

(וואַליעס קול)

רחמיאלקע

וואָס איז דאָס?

לעקערט

ר' זאַליע. לערנט.

יאָשקע

אונזער באָיעוואָי אָטריאַד איז ווערט אַ זעץ אין דר'ערד,
איידל גערעדט.

פייוול

פאָן וואַל האָט אָנגעפאַקט גאַנץ ווילנע מיט סאָלדאַטן,
מיט שפּיקעס און קאָזאַקן, מיט געווער, — און מיר —
מיר וועלן היינט אפילו נישט באַוואָפנט זיין.

לעקערט

סטייטש!

פייוול

אַזאַ באַשלוס פון דער אָרגאַניזאַציע.
אונזער אייגענער נאַטשאַלניק איז דערויף באַשטאַנען.

לעקערט

(אויסער זיך)

איסאַק!

פייוול

ער האָט זיך איינגעשפּאַרט און נישט פון אָרט.
אפילו אוסישקין האָט גאָרנישט געקענט מאַכן.
אוסישקין האָט געוואָלט גראָד אונז באַוואָפענען.

יאָשקע

איסאַק האָט מורא לעצטנס פאַר אַ פליג אויפן וואַנט.

פייוול

און זאָגסט אים עפּעס—הערסטו נאָר איין ענטפער:
איך וויל קיין בלוט נישט.

לעקערט

און דער גאַנצער קאָמיטעט אַליין?

פייוול

דער קאָמיטעט וויל, אַז היינטיקע דעמאָנסטראַציע
זאָל זיין אַ פרידלעכע. נו, גוט, נו, גוט.
אפילו אוסישקין האָט איינגעשטימט דערויף.
צי וועט איך אָבער פרידלעך זיין פאָן וואַל?

יאָשקע

יע, ער וועט פרידלעך זיין — צוויי וועגענער מיט ריטער
געבראַכט האָט ער פון וואַלד. און אויפן הויף פון טורמע
זיי אָנגעגרייט פאַר אונזער הינטער-חלק אײדל גערעדט.

פייוול

נאַגאַיקעס, שווערדן, ביקסן—דאָס איז פאַר אים ווייניק:
ער וויל נאָך אויפן הוילן לייב אונז פייניקן.

לעקערט

ס'איז דאָך שדים וויסן וואָס!

רחמיאלקע

איך וועל מאַכן אַן אָפּאָזיציע
און פאַרטיק.

פייוול

דו מאַכסט שוין ווידער אָפּאָזיציעס?

רחמיאלקע

איך וועל מאַכן, איכ'ל מאַכן. איך זאָג אייך,
מיט רחמיאלקע בעל-עגלה און מיט יאָשקע בויגער
באַדאַרפן זיי זיך רעכענען אַביסל מער, די אינטעליגענטן!
איכ'ל זיך אַריינכאַפּן אין קאָמיטעט, איך זאָג אייך,
וועל איך אים צעברעכן אַלע ביינער—דעם קאָמיטעט.

פייוול

הער אויף צו שרייען.

יאָשקע

פאָן וואַל וועט אונז צעקאַטעווען אויף טויט היינט.



רחמיאלקע

איך וועל נישט גיין אויף דער דעמאָנסטראַציע אָן מיין שפייער.

פייוול

(גיט אים אַ זעץ אַרונטער)

שווייג אַביסל.
(צו לעקערטן) און רחל, זינט זי איז צוזאַמען מיט איסאַקן,
איז אויך געוואָרן אַזאַ טרוס ווי ער.

לעקערט

רחל מיט איסאַקן?

פייוול

דו ווייסט דען נישט?

לעקערט

(גייט אַרום איבערן שטוב הין און צוריק אויפגערודערט שטאַרק)
גיי ריכט זיך אויף אַזוינס אין ווילנע.
און איך האָב זיך געיאָגט—געמיינט, אַז איר אין ווילנע
ווער ווייסט ווי ווייט איר האַלט שוין.

פייוול

האָסט אומזיסט געמיינט. איך קען דיר אָנזאָגן נאָך ערגערס:
אין „בונד" האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַן אומגליק —
די מינסקער מכה, די זובאַטאָווטשינע.

לעקערט

וואָס מיינט דאָס? איך פאַרשטיי נישט.

פייוול

האָט נישט געהערט נאָך פון זובאַטאָוון? אַ מינסקער וואָרף.
אַ זשאַנדאַרמסקער פּאָלקאָווניק, מיט .אַ מאַסקע פון אַ שעפּס.
ער מאַכט זיך פאַר אַ גאַנצן ראַטעווער פון אַרבעטער,
אָרגאַניזירט זיי כלומרשט אין פאַראייניגן פרייע,
אונטערן שוץ פון אונזער רחמימדיקן צאַר,
און מיינען מיינט ער אין דער אמתן אַן אַנדער זאַך:
פאַרנאַרן אונזערע אַרבעטער אין זאַק אַריין,
מיר זאָלן שלום מאַכן מיט דער בלוטיקער זעלבסטהערשונג,

מיט דער פינצטערניש און מיט דער קנעכטשאַפט —
נאָר וואָס דען —
מע'ט אונז צוואַרפן אַ גרעסער שטיקל ברויט.

ל ע ק ע ר ט

ווי קען דאָס זיין?

פ י י ו ו ל

מיר דוכט זיך, אַז אַפילו איסאַק —

ל ע ק ע ר ט

(אויסער זיך)

איסאַק!

(מענדל קומט ארויס מיט זיינע עמער)

מ ע נ ד ל

(האסטיק מיט גרויס פרייד)

הירשקע!

ל ע ק ע ר ט

(לאָזט זיך צו אים אַ צעטומלטער)

וואָס מאַכסטו, מענדל? (נעמט אים ארום)

מ ע נ ד ל

(כאפט לעקערטס הענט)

גוט, הירשקע. לאָמיך דיר אַ קוש טאָן. (כאפט אים ארום און קושט אים.)

ל ע ק ע ר ט

טראָגסט נאָך וואַסער, האַ?

מ ע נ ד ל

אַוודאי.

ל ע ק ע ר ט

און וואָס מאַכט דער טאַטע?

מ ע נ ד ל

הערסט דאָך — ער לערנט.

ל ע ק ע ר ט

נאָך אַלץ אַ בייזער טאַטע?



מ ע נ ד ל

אַוודאי. (לאכט ברייט) איך ווייס ווו דו ביסט געווען. —
אין אָסטראָג.

ל ע ק ע ר ט

און האָסט נישט מורא פאַר מיר?

מ ע נ ד ל

ניין, איך האָב דיך האָלט דערפאַר.

(אלע לאכן)

ל ע ק ע ר ט

פונדעסטוועגן דערצייל קיינעם נישט וועגן מיר.

מ ע נ ד ל

חיות נישט זיכער. (לאָזט זיך גיין)
וועסט מיך מיטנעמען אין וואַלד, הירשקע?

ל ע ק ע ר ט

אין וועלכן וואַלד?

מ ע נ ד ל

אויף אַ סאָבראַניע. (צו אלע, וואס לאכן) וואָס לאַכט איר?
אָט הירשקע לאַכט נישט פון מיר.
ער איז געווען אין אָסטראָג — דעריבער לאַכט ער נישט פון מיר.

פ י י ו ו ל

ער רעדט דאָך ווי אַ מענטש.

מ ע נ ד ל

(א טופ מטן פוס)

איך בין אַ מענטש, איך ווייס אַלץ.
היינט וועט זיין אַ דעמאָנסטראַציע.
דער רוצח האָט שוין געפירט צוויי וועגענער מיט ריטער.
אַ פינצטערער יאָר.

ז אַ ל י ע

(אין טיר)

גיי שוין! (מענדל אפ, זאליע, שטייענדיק אין טיר, באטראכט

לאַעמען, לאָזט זיך פּלוצלינג צו לעקערטן און שטרעקט אויס די האַנט) שלום עליכם, אַן אורח.

לעקערט

(פאַרלוירן, דערלאַנגט אויך זיין האַנט)

עליכם שלום! וואָס מאַכט איר, ר׳ זאַליע?

זאַליע

(ענטפערט נישט, ציט צוריק די האַנט, לאָזט זיך גיין צו זיך, אין טיר בלייבט ער שטיין און קערט זיך אום מיטן פּנים צו לעקערטן) וואָס זאָל איך מאַכן?—מיין קעמערל איז דאָך נישט קיין אַסטראָג.

(פאַרהאַקט די טיר און גלייך דערהערט זיך פון דאָרט אַ שאַרפער ציינערדיקער גמרא-ניגון, אַלע קוקן זיך אום פאַרחידושט.)

פייוול

אַ מאָדנער ייד אַזאַ.

ווייב

(האָט דערווייל געגרייט צום טיש, געבראַכט אַ טאָפּ קאַר-טאָפל און אַריינגעשאָטן אין שיסל)

לעקערט

איך וועל איצט נישט עסן, איך מוז אַוועקגיין.

(חברה שטייט שוין ביים טיר, אַלטע הויבט זיך אויף)

ווייב

אָבער עס אָפּ אַפריער.

לעקערט

(ביים טיר)

וואַרט נישט אויף מיר. עסט.

מאַמע

הירשל!

לעקערט

איך מוז גיין. (אָפּ. אַלטע פאַלט אַנידער צוריק. הייבט זיצט חי אַ געבראָכענע. טיש אַליין. פאַרע פון די קאַרטאָפל הויבט זיך.)

(פאָרהאַנג)



## בילד צוויי

(אַ צימער פון רחל און איסאַק. מיט געשמאַק צוגעקריבן. איסאַק אין סטודענטישע קליידער, רייזל, וועלפקע און אוסישקין שטייען אַנגעלאָדענע, אַמפערן זיך מיט אי-סאַקן, וועלכער שטייט אַנטקעגן זיי און בייסט זיך די נעגל פאַר כּעס. רחל שפּאַנט אַרום הין און צוריק, האַלב אָנטיילנעמענדיק אין געשפּרעך, האַלב מיט זיך).

אוסישקין

(אַ געוועזענער ישיבה-בחור. איצט אַוועק אין פאָלק. שלעפּט זיך אַרום מיט אַ פּאַק ביכלעך צום פאַרקויפן. אָנגעטון אין צעריסענע קליידער. אויף די אַקסלען אַ קויש מיט ביכלעך. אַ מענטש אַ התפעלותדיקער, אַן אָפּגעלאָזענער. הוסט אונ-טער. מיטגליד פון קאָמיטעט.)

דיין כּעס קליידט דיר נישט.

איסאַק

ער קליידט מיר מער ווי דיר אָט-די מלבושים,

די טראַנטעס, וואָס דו שלעפּסט אויף זיך אַרויף,

און די מעשה-ביכלעך, וואָס דו טראָגסט אַרום —

שטותרייען נאָר פאַר דינסטמיידלעך.

רייזל

וואָס האָט איר צו די דינסטמיידלעך?

רחל

גענוג שוין, כ׳לעבן.

אוסישקין

פאַרוואָס עפּעס שטותרייען. האַ? (שלעפּט ביכלעך פון קויש.)

„די לערע פון לעבן" פון לונקעוויטש,
„דער זיידע-צייט", „די שטריימל", „באַנצע שווייג"—
דאָס זענען נישט קיין מעשה-ביכלעך, ברודער.
און וועגן זיך און מיינע טראַנטעס—אַן אַנדערש מאָל.
צי, אפשר, קיינמאָל נישט. כ'האָב פיינט פון זיך צו ריידן.
אין דער טיפעניש פון אָרים פאָלק געפין איך אַלץ, אַלץ.
און זיך—פאַרגעס איך. אַלץ איינס—צי אין דער ישיבה אַמאָל.
צי איצט אין „בונד".
און דו מעגסט אויך אַביסעלע אָן זי ךפאַרגעסן.
אין כעס ביסטו—הערסטו שוין נישט וואָס דו רעדסט.
און איך בין נישט אין כעס, ערשטער מאַי איז היינט. —
איך וויל מיין יום-טובדיקייט נישט צשטערן.

איסאַק

איך בין יום-טובדיק אַזוי-ווי דו.

וועלפקע

דער זייגער איז שוין פינף, און זיבן דאַרף זיך אָנהייבן די דעמאָנסטראַציע. קומט.

רייזל
(מיט קלעמונג)

פון חבר איסאַקן אַזוינע רייד צו הערן.

רחל

מיין טייערע, גענוג זאָל זיין.

איסאַק
(בייז צו רחלען)

נישט גענוג!

רייזל
(מיט טרערן)

ער פייניקט אונז דעם גאַנצן טאָג אַזוי.

וועלפקע

אָנשטאָט צו שטאַרקן אונזער מוט.



אוסישקין
(אויסער זיך, צו רחלען)

ער ווערט פאַר מיר אַ רעטעניש אָן אמתע.
ער רעדט אַזוינע מאָדנע רייד. אַזוי ווי אויף צו להכעיס.

איסאַק

דו ווייסט, אַז נישט צו להכעיס. איר אַלע ווייסט פאַרוואָס.
איך בין קעגן דער היינטיקער דעמאָנסטראַציע.

רייזל

ס'איז דאָך באַשלאָסן. דער קאָמיטעט רופט.

וועלפקע

און מיר ווילן גיין מיט שמחה.
איצט האָט איר נישט קיין רעכט צו זיין קעגן.

איסאַק

רעכט האָב איך אייביק.

אוסישקין

ניין, נישט אייביק.
די חברים וועלפקע און רייזל קענען נאָך מיינען גאָט ווייס וואָס.

איסאַק

איך וויל טאַקע זיי זאָלן וויסן. זיי—די בעסטע פון דער מאַסע.
זיי מעגן אַ טראַכט טון, נישקשה.

רייזל

אָט האַלטן מיר פּראָקלאַמאַציעס אַ פּאַק,
וואָס אוסישקין אַליין האָט אונז פאַרטרויט,
אין אָוונט אויף דער דעמאָנסטראַציע צו פאַרשפּרייטן, —
טאָ צו-וואָס אונז לייגן שטיינער אויפן האַרצן?

איסאַק

ווייל זיי זענען דאָ די שטיינער, זיי זענען דאָ.

אוסישקין

מיר ווייסן. שוין צופיל ווייסן מיר דעם טעם פון פּאָן וואַל.
קאָזאַקן, טורמע און סיביר,—דערפאַר טאַקע —

וועלפּקע

מיר זענען גרייט.

איסאַק

איך זאָג אייך: ווילנע וועט פאַרגאָסן ווערן היינט מיט בלוט.

אוסישקין

ווילנע איז שוין פאַרגאָסן.

איסאַק

דעמאָנסטראַציע איז נישט אַלץ נאָך.

אוסישקין

מיר האָבן קיינמאָל זיך נישט אָפּגעשטעלט
נישט פאַר קיין ביקס און נישט פאַר טורמע.
איך הער די רייד דיינע, איך ווונדער זיך, איסאַק.
אין „בונד" האָב איך אַזוינע ווערטער נישט געהערט נאָך.

רייזל

אוי, מיין גאָט, מיין גאָט

אוסישקין

צי דאַרף איך דיר דערציילן, ווי פאָן וואַל
האָט אונז אַריינגעקלאַמערט צום דערווערגן?
אונזערע בעסטע ליגן אין די טורמעס.
די מאַסע איז פול מיט אומצוטרוי און יאוש.
און אַ ליאַדע שפּיאָן און מסור, צי אַ זובאַטאָווער
קען קומען און געווינען אַלע הערצער.
און די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג קומט אום פון רדיפות.
און אַלע האַלטן אין איין פרעגן: פאַרוואָס שווייגן מיר?

איסאַק

נו, פרעגט מען.

אוסישקין

און אַלע מיינען שוין: אויס, געשטאָרבן דער „בונד"
און געשטאָרבן אויך דער פרווו אונזערער צו שאַפן ברודערשאַפט
צווישן אונז און די פּוילישע און ליטווישע אַרבעטער.
היינט איז דער טאָג צו וואָרענען פאָן וואַלן



און צו ווייזן אים אונזער אחדות.

איסאַק

די פּוילישע און די ליטווישע אַרבעטער וועלן נישט קומען.

וועלפּקע

וואָס הייסט? זיי וועלן קומען.

רייזל

נאָר איר מאַכט אונז שווער.

איסאַק

זיי וועלן נישט קומען.
און אַז מיר לעבן, ווייס פאָן וואַל —
פאַר וועמען דען האָט ער אָנגעגרייט די ריטער?

אוסישקין

דו ווילסט, איך זאָל דיר ענטפערן שאַרף?

איסאַק

ענטפער.

אוסישקין

איך שאַנעווע אונזער חברשאַפט.

(גיט זיך אַ לאָז צום טיר אַן אומגליקלעכער)

רחל

(פאַרלויפט אים דעם וועג)

איך בעט אייך.

אוסישקין

(מיט אַ קלעמענדיקן קול)

דו רעדסט מיר פון געדולד, פון איינגעהאַלטנקייט.
פון וואַנען ווייסטו, ווען מען דאַרף געדולדיק זיין,
און ווען מען דאַרף זיך איילן?
ווען מען מעג אויף דעמאָנסטראַציעס פירן מאַסן,
און ווען מען טאָר נישט?
און ווען מען דאַרף פאַר אַ ווילדן גובערנאַטאָר מורא האָבן
און ווען דאַרף מען נישט?

איסאַק

איך הער זיך צו צו זיך. און דעמאָלט ווייס איך.

אוסישקין

צו זיך? ווער ביסטו, אַז דער גורל פון אַסאַך
זאָל זיין אָפּהענגיק פון דיינע שטימונגען? דו זאָג מיר קלאָר:
האָסט מורא היינט פאַר בלוט.
און וואָס וועט מאָרגן זיין און איבערמאָרגן?
צי בלוט וועט מאָרגן ווערן וואַסער?
דו זאָג מיר קלאָר: דו האָסט אַן אַנדער וועג?

איסאַק

(שוויגט)

אוסישקין

ענטפער! (אָנגעשטרענגטע פויזע)
און צו וואָס די גאַנצע רייד?
באַשלוס פון דער אָרגאַניזאַציע איז הייליק,
און באַשלוס פון דער גאַנצער מאַסע - נאָך הייליקער,
די אַרבעטער אונזערע—זיי חקירהן נישט:
זיי זענען שטענדיק גרייט.

רייזל

גאַנצע נאַכט געזעסן, אויסגעניייט די פאָנען.
איך און רחל.
אַריינגעניייט אין זיי—וואָס נישט? אַלץ.
דער טאָג זאָל קומען די פאָנען צו פונאַנדערוויקלען
איבער קעפּ.
נו, דער טאָג איז געקומען.
און וועלפקע, אונזער פאָנענטרעגער, שטייט אַן אומעטיקער,
און מיר לעבן אים שטייען און וויינען,
אַזוי ווי די פאָנען וואָלטן שוין געלעגן טויט.
(טוליעט זיך צו רחלען און וויינט)

רחל

גענוג צו אַמפּערן זיך, אוסישקין, גייט נישט אַוועק.
מיר וועלן מאַכן טיי. איר ווילט דאָך עסן אויך מסתמא.

אוסישקין

איך בלייב נישט.



רחל

איר זייט געוויס הונגעריק. איך ווייס דאָך, און איר הוסט.

אוסישקין

נישקשה. בלוט פאַרגיסן טאָרן מיר נישט אין ערשטן מאַי.
אָבער הונגערן און הוסטן מעגן מיר אין ערשטן מאַי אויך.

רחל

נו, אוסישקין.

וועלפקע

איך ווייס טאַקע נישט צו וואָס די מחלוקת?
מען דאַרף גיין אויף דער דעמאָנסטראַציע און פאַרטיק.
מען דאַרף טראָגן די פאָן און האַלטן זי שטאַרק.
מער גאָרנישט.

אוסישקין

(קלאַפּט וועלפקען איבערן פּלייצע)
יע, יע. מער גאָרנישט. קומט. (אָפּ. רייזל און וועלפקע נאָך אים.
איסאַק גיט א פאַל אויף א דיוואַן מיטן פנים אראָפּ.)

רחל

וואָס איז מיט דיר?

איסאַק

לאָז מיך.

רחל

איך האָב זיך איינגעהאַלטן נישט אַריינצומישן זיך,
אָבער —

איסאַק

איך וועל משוגע ווערן היינט.

רחל

(גלעט אים איבערן קאָפּ)
איסאַק —

איסאַק

איך בין פול מיט ספקות. איך ווער צעפּייניקט.

רחל

דערצייל. פאַר מיר מעגסטו דאָך דערציילן אַלץ.

א י ס אַ ק

איך פֿאַרליר מיין קאָפּ.

ר ח ל

ווי קומט צו דיר אַזאַ פֿאַרפֿלייצונג?
וואָס מיטאַמאָל אַזוי?

א י ס אַ ק

נישט מיטאַמאָל. שוין לאַנג, שוין לאַנג, אַז עס עסט מיך.
איך האָב געשוויגן, נישט געוואָלט דיר זאָגן.
געמיינט, אַז ס'וועט איבערגיין.

ר ח ל

ביסט צופֿיל אָנגעשטרענגט. נישט אויסגעשלאָפֿן.

א י ס אַ ק

ניין, נישט דאָס. עפּעס אַנדערש.
(ציטערט מיטן גאַנצן גוף.)
היינטיקער אָוונט. היינטיקער אָוונט.

ר ח ל

זע, ווי די הענט ציטערן דיר.

א י ס אַ ק

אַלץ אין מיר ווערט איבערגעקערט.
איך ווייס, ס'איז מיאוס, ס'איז נישט ערלעך,
צו דאַרפֿן אָנהאַלטן ביי אַנדערע מוט,
און אַליין אין האַרצן טראָגן ספקות. — ס'איז דאָך שרעקלעך.

ר ח ל

טאַקע שרעקלעך.

א י ס אַ ק

פֿירער — ווער האָט אונז געגעבן דאָס רעכט אויף דעם, האַ?

ר ח ל

צום גליק זענען ביי אונז דאָ אַנדערע פֿירער,
וואָס עסן זיך נישט אויף אַזוי ווי דו. אָט — אוסישקין.

א י ס אַ ק

עס מוז זיין ערגעץ אַן אַנדער אמת.



ר ח ל

אָבער פֿריער פֿון אַלץ דאַרף זיין געזונטע שטימונג.

א י ס אַ ק

(אויסער זיך)

און איך בין, הייסט דאָס, קראַנק?
און דו ביסט זיכער, אַז מען דאַרף די דעמאָנסטראַציע היינט?

ר ח ל

(מיט געהיין)

אָדער מען דאַרף זי היינט, אָדער מען דאַרף זי קיינמאָל נישט.

(א קלאַפּ אין טיר. רחל עפֿנט. עס קומט אריין לע-
קערט. רחל צעטומלט זיך אין אָנהויב. אָבער פֿאַר-
כאַפּט זיך גלייך, שטרעקט אויס די הענט מיט גרויס
פֿרייד.)

ר ח ל

לעקערט! סאַראַ גאַסט! זע, איסאַק, ווער ס'איז געקומען!

א י ס אַ ק

אָ! (דריקט לעקערטס האַנט)

ל ע ק ע ר ט

(שטייט אין טיר האַלב פֿאַרשעמט, האַלב דערשראָקן)

ר ח ל

(כאַפּט אים אָרום)

לעקערט טייערער, וואָס שטייט איר ביים טיר? קומט אַריין.
אַזאַ ליבער גאַסט. (הייסט נישט האָס צו טון פֿון גרויס פֿרייד.
ציט אים טיפֿער אין צימער אריין. לעקערט שטייט שהער און
אומבאַהאָלפֿן, קוקט דורך די ברעמען. שאַרט זיך צוריק צום טיר.)

א י ס אַ ק

וואָס, איר גייט שוין צוריק?

ל ע ק ע ר ט

(שטאַמלט)

איך'ל קומען אַן אַנדערש מאָל.

ר ח ל

וואָס הייסט?

לעקערט

נו, גוט. זאָל זיין. (זעצט זיך אויף אַ ברעג פון אַ שטול)

רחל

איך וויל דאָך הערן פון אייך אַזוי פיל, אַזוי פיל.
איסאַק, זע ווי ער האָט זיך עס געענדערט אַביסל —
אָוועקגעזעצט זיך און שווייגט.

לעקערט

(נאָך אַ שווערער פויזע שטעלט זיך אויף)

איך בין נישט געקומען צו גאַסט צו אייך.

רחל

וואָס רעדט איר?

לעקערט

איך וויל וויסן, צי ס'איז אמת.

רחל

וואָס?

לעקערט

איר ווילט נישט די רעוואָלוציע.

רחל

וואָס רעדט איר?

לעקערט

(נעמט זיך אָן מיט מוט)

איך בין געקומען זאָגן אייך, אַז מיר געפעלט נישט —

רחל

וועגן וואָס רעדט איר?

לעקערט

איך ווייס שוין אַלץ, ווייס איך.

רחל

וואָס ווייסט איר?

לעקערט

אַסך זאַכן געפעלן מיר נישט. און וואָס דער באַיעוואָי אָטריאַד
וועט נישט זיין באַוואָפנט היינט געפעלט מיר אָוודאי נישט.



איסאַק

(שיסט אַרויס אַ געלעכטער)

לעקערט

(אָנגעצונדן)

וואָס לאַכט איר?

איסאַק

ווען זייט איר אָנגעקומען אין ווילנע?

לעקערט

וואָס איז דער חילוק? און אַז נעכטן?

איסאַק

(אויך בייז)

ווער האָט אייך געשיקט געבן עצות?

לעקערט

קום איך נישט געשיקטערהייט.

איסאַק

אַ שיינע מעשה, כ'לעבן. וואָס זאָגסטו, רחל, —
יעדער פון דער מאַסע וועט קומען זאָגן דעות.

לעקערט

יעדער מעג קומען און זאָגן דעם אמת.

איסאַק

וועלכן אמת?

לעקערט

וועלכן? ס'איז דאָ איין אמת.

איסאַק

נישט אַנדערש, אַז איך זע אַ חלום.

לעקערט

דער באָיעוואָי אָטריאַד דאַרף זיין באַוואָפנט היינט!
מיט דער צאַרישער רעגירונג דאַרף מען קעמפן מיט געווער!

איסאַק

וואָס רעדט איר מיט אַזאַ טאָן? ווער זייט איר?

לעקערט

די מאַסע.

איסאַק

ס'איז דאָך וווּנדערבאַר, רחל. העד נאָר —

(אַפּ פֿון צימער מיט האַסט. לעקערט נאָך אים ביז אויך גלייך אַרויסגיין. רחל פֿאַרשטעלט אים דעם וועג.)

רחל

איך וויל, אַז איר זאָלט דאָ נאָך בלייבן אויף אַפּאָר מינוט.

לעקערט

איך האָב נישט קיין צייט. איך דאַרף גיין צו דער דעמאָנסטראַציע.

רחל

ס'איז נאָך דאָ צייט. מיר וועלן גיין צוזאַמען, אַז אירווילט.

לעקערט

(שטייט ביים טיר און קוקט אויף איר שאַרף)

עפּעס ביי אַלעמען זענען היינט פֿאַרווייינט די אויגן.

רחל

ווי קומט עס אַ מענטש אַריין נאָך צוויי יאָר נישט זען זיך מיט אַזאַ ברוך-הבא?

לעקערט

אַז איך בין נישט געקומען צו גאַסט.

רחל

(נעמט אים פֿאַר אַ האַנט)

נו, ליבער לעקערט, מען דאַרף נישט אַזוי.

זאָל זיך דוכטן, אַז איר זייט אַריינגעקומען צו מיר אַליין.

(זי פֿירט אים און זעצט אים אויף אַ שטול.)

איר זייט אַנטלאָפֿן פֿון קאַטערינאָסלאַוו?

לעקערט

(אומגערן)

וואָס מאַכט עס אויס?

רחל

(זעצט זיך אים אַנטקעגן)

קיין בריוול אפילו נישט צוגעשיקט קיינמאָל.

לעקערט

איך קען נישט שרייבן, איר ווייסט דאָך.



רחל

אין טורמע איז אַן אָרט צו אויסלערנען זיך.

לעקערט

נו, אַ דאגה.

רחל

וועלן מיר עס איצטער קענען טון, יע?

איר וועט ווערן אַ מיטגליד אין מיין קרייזל.

לעקערט

ניין.

רחל

פֿאַרוואָס?

לעקערט

(שווייגט)

רחל

נו גיט אַ שמייכל. איך געדענק דאָך אייער פֿיינעם שמייכל.

איר פֿלעגט שיין אַזוי און פֿראָסט אַ זאָג טון:

איך האָב אייך האָלט, רחל, —

צי איר האָט מיך שוין נישט ליב?

לעקערט

און אַז יע?

אַ נאַש בראַט איצטער טאָר זיך מער נישט נאָכגעבן אַזוינע זאַכן.

רחל

וועלכע זאַכן?

לעקערט

אָט — דאָס ליבעניש.

ביי אַ נאַש בראַט דאַרף דער קאָפּ זיין קלאָר.

צו אייך וועל איך נישט גיין. ניין!

רחל

די טורמע האָט עס אייך אויסגעלערנט?

לעקערט

יע.

ר ח ל

(שטיפעריש)

און איר האט גארנישט געבענקט נאך מיר?

ל ע ק ע ר ט

(שטאמלט)

יע געבענקט, נישט געבענקט —
וואס איז דער חילוק? (שטעלט זיך אויף אנגעכמורעט)
די רעוואלוציע, זע איך, ווילט איר נישט מאכן.

ר ח ל

(קוקט אים אן)

וואס מיינט איר?

ל ע ק ע ר ט

איר איילט זיך נישט, זע איך, מיט דער רעוואלוציע.

ר ח ל

(לאכט)

עס ווענדט זיך דען אן אונז?

ל ע ק ע ר ט.

אן וועמען דען?

ר ח ל

געדולד, מיין ליבער, מען דארף ווארטן.

ל ע ק ע ר ט

איסאק, איר און אלע —
חי טשערעפאכעס קריכט איר.
דער ראבאטשי נאראד קען נישט ווארטן.

ר ח ל

איר זייט וואונדערבאר. א גרויס קינד.
אבער בייז זיין דארף מען נישט.

ל ע ק ע ר ט

איך בין נישט בייז.

ר ח ל

איז פיין.



ל ע ק ע ר ט

זען אייך האב איך טאקע געוואלט. ס'איז אמת.
נאר מאלע, וואס איך האב געוואלט. איך זאג דאך:
א נאש בראט דארף נישט צעקראכן ווערן אין זיפצעניש.
האסט א קעלער—ווייס דיין בלאך אין דר'ערד אריין.

ר ח ל

וואס רעדט איר?

ל ע ק ע ר ט

האסט א ווייב, וואס קוקט מיט געשחטענע אויגן,
און א מאמע, וואס פארווינט דאס לעבן. נו, איז וואס?
צו אייך וועל איך נישט קומען מער.
נישט מיין גלייכן זייט איר.

ר ח ל

איך האב אייך ליב ווי א וואונדערבארן חבר.

ל ע ק ע ר ט

א! אונזערער א ברודער דארפצו נויפנעמען זיינע פויסטן אט-אזוי-א-
—און זיך אליין איבערן קאפ א כמאל.

ר ח ל

ס'איז אייך נישט גוט? וואס הערט זיך ביי אייך אין שטוב?
ווי קומט איר אויס מיט אייער פרוי? — זאגט מיר.

ל ע ק ע ר ט

וואס הייסט, ווי קום איך אויס? זי איז א גוטער מענטש.
איצט זע איך דאס. זי ליידט. זי שווייגט. אין קעלער.
איר מיינט, אז איך האב פיינט מיין פרוי?

ר ח ל

איך מיין נישט.

ל ע ק ע ר ט

זי וועט מיר געבוירן א קינד. אין קעלער.
און ווו וועל איך זיין דעמאלט?

ר ח ל

ווו זאלט איר זיין?

לעקערט

(מיט אַלץ האַקסנדיקער מאָדנער דערקענטעניש העגן זיך)

יע. יע.—וואָס הייסט? וואָס מיינט איר?
אַזוינע יסורים ליידן זיי צוליב מיר. —
און די גאַנצע וועלט ליידט. —
די גאַנצע וועלט ליגט אין קעלער. —
און איך בין אַ שטיק פּאָדעשווע, וואָס?
ס'איז נישט דאָס, חברטע רחל, נישט דאָס.

רחל

נו רעדט, רעדט!

לעקערט

און אַז אַ שטיק רויע פּאָדעשווע —
באַדאַרף מען זי דאָך אויך אַפּריער אַרומוואַשן און אויסקלאַפּן גוט.
און אַ מענטשן אַוודאי, יע.
און אַז געזעסן שוין אין טורמע—איז וואָס?
אַ פּאָליטישער איז שוין אַ יחוס, האַ?
וואָס פאַר אַ באַטרעף און וואָס פאַר אַ נוצן פון מיר, האַ?
מען דאַרף זיין ריין. מען דאַרף זיך אַליין אויסקויפן.

רחל

איר זייט אַ ריינער מענטש.

לעקערט

ניין, ניין, איך ווייס בעסער.
אַ גאַנץ לעבן געווען אַ מיאוסער מענטש.
איך האָב איבערגעטראַכט אַלצדינג אין טורמע.
ס'איז גוט געווען די טורמע פאַר מיר.
איצט ווייס איך, אַז—אַז—איר פאַרשטייט-
וואָס בין איך געווען? אַ שלעגער. לייכטע הענט געהאַט.
מיטן היטעלע אָן אַ זייט אַרומגעשמאַיעט.
און איצט—וואָס?—ווידער שלעגער זיין, האַ?
נאָכלויפן ווידער נאָך אַ שפּיק אַ ווערד, און מער גאָרנישט —
כמאַליעווען, גרויסע קולאַקעס האָבן? ניין, ניין.
איצט ווייס איך, אַז—מיטן גאַנצן לעבן דאַרף מען,

מיט דער נשמה. אָפּגעבן דעם קאָפּ.-טאַקע אָפּגעבן!
מען זאָל אים אַוועקלייגן אויף אַ פּלאַכטע, זאָל מען אים.
זאָל מען נישט מיינען—אַז ס'איז עפּעס אַזוי אַ טענצל.
ווייל—אַז נישט-צו וואָס האַלטן מענטשן אין אַ קעלער?
איר פאַרשטייט? טאַקע אָפּגעבן אַלץ. אַלץ...

רחל

(כאַפּט ארום זיין האַלז, קוקט אים אין די אויגן)

לעקערט, לעקערט.

לעקערט

איר פאַרשטייט? דו ליגסט אויפן בעטל אין טורמע ביינאַכט.
און מיטאַמאָל הערסטו אַ קול אַזאַ: פראָשטשאַי!

(פון דרויסן דערטראָגט זיך געפייקל פון א באַראַבאַן)

דאָס גייט פאָן וואָס אונז באַגעגענען.

רחל

(טוליעט זיך צו אים מיט שרעק)

וואָס ווערט דאָס זיין היינט?

לעקערט

(באַזיכטיקט זי פון זיך)

איר האָט מורא? און איך גיי מיט פרייד אַנטקעגן. (אָפּ)

(פּאָרהאַנג)

## בילד דריי

(ווילנער שולהויף. ארויסגאנגען צו עטלעכע זייטן, פארנאכט. זון ביים פארגיין. מען זעט נישט קיין עולם, וואס זאל גיין צו מנחה. נאר ווען-נישט-ווען שלייכט זיך דורך א ייד. ווערט נישט אין א טיר ערגעץ. צוויי ארימעלייט שטייען אויף א טרעפל פון א שול. א בלינדער און זיין פירער).

ב ל י נ ד ע ר

ווו זענען דאס אלע יידן הײנט? אַ קלאָג צו זיי.

פ י ר ע ר

דו ווייסט דאָך.

ב ל י נ ד ע ר

וואָס טויג מיר דאָס וויסן! אַפילו קיין אָרימעלייט זעט מען נישט?

פ י ר ע ר

מען זעט נישט.

ב ל י נ ד ע ר

נאַ דיר גאָר אַן ערשטן מאַי אויף אונזער קאָפּ.
ציציליסטן, אַ קלאָג צו זיי.
טאַקע אַלע קלייטן צוגעשלאָסן, האַ?
ווען וועט זיך עס אָנהויבן?

פ י ר ע ר

באַלד מסתמא.

ב ל י נ ד ע ר

אָבער צו מנחה, צו מנחה פאַרוואָס קומט מען נישט?



פ י ר ע ר

מען ציטערט אויפן גאַס אַרויסצוגיין. קאָזאַקן פול.

ב ל י נ ד ע ר

אַ קלאָג צו זיי.
מען נעמט און מען פאַרטרייבט אונז אַלע יידן פון מנחה.
קיין פערציקער אַפילו נישט געמאַכט נאָך היינט.
אין מיטן מיטוואָך פראַווען זיי זיך זאַבאַסטאָווקעס, אַ קלאָג צו זיי.
מיט רויטע פאָנען אַנטקעגן דעם קייסער,
און שרייען מי-שברכס אויף זייער לשון,
זיי האָבן דאָך אַן אייגענעם לשון, אַ קלאָג צו זיי —
האָסט געזען שוין אַ רויטע פאָן?

פ י ר ע ר

ווי קום איך?

ב ל י נ ד ע ר

וועט דאָך אַוודאי זיין אַ גרויס געשלעג —

פ י ר ע ר

ער וועט זיי געבן אַ ריכטיקע באָד, דער גובערנאַטאָר.

ב ל י נ ד ע ר

אַ קלאָג צו אים.

פ י ר ע ר

ש-ש...

ב ל י נ ד ע ר

אַז מיך אַרט נישט, אַז ס'איז דאָ אַ קייסער, אַרט מיך נישט.
אָבער מנחה—מנחה—

פ י ר ע ר

צוויי וועגענער מיט ריטער האָט ער אָנגעגרייט פאַר זיי.
וועלן זיי שוין פאַרזוכן דעם טעם אויפן ריכטיקן חלק.
(עס זענען ארויסגעקומען פון ערגעץ לעקערט, פייחל און רייזל)

ל ע ק ע ר ט

(האט געכאפט די לעצטע ווערטער)

בייסט אייך בעסער אָפּ די צונג די נאַרישע.

בלינדער

אוי, אַ קלאָג צו מיר, ווער איז דאָ?

פּייוול

יאָלדאַקעס!

לעקערט

ווו האָט איר עס געהערט אַזוינס?

פּירער

מען רעדט—הערן מיר. וואָס ווייסן מיר?

לעקערט

קענסט עברי?

פּירער

אַ ייד קען עברי.—ווי דען?

לעקערט

נאַ, לייען, ווערסטו וויסן וועמען מען דאַרף שעלטן. (דערלאַנגט אים אַ פּראָקלאַמאַציע)

בלינדער

וואָס גיט ער דיר, האַ? נעם נישט.

פּירער

(נעמט. קוקט אַריין. זיינע הענט הויבן אָן ציטערן)

אוי, נעם עס צו, נעם עס צו, איך האָב מורא, מ'עט מיך אין קייטן שמידן.

רייזל

זאָלן זיי גיין.

פּירער

(כאַפּט דעם בלינדן)

קום אַוועק, משה. ס'איז פון זייערע. מ'עט אונז אין סיביר אַוועקשיקן.

בלינדער

אוי, אַ קלאָג צו מיר.

(ביידע אין שרעק אָפּ)

(אַפּאָר יידן לויפן דורך איילנדיק און פאַרשווינדן אין אַ מיר אַריין.)



פּייוול

זע, ווי מען גנבעט זיך עס, ווי מען האָט מורא.

רייזל

צו וואָס זיי באַלקוקן? זיי גייען אין שול, זאָלן זיי גיין. אָט האָב איך ס'פּעקל, הירשקע. (גיט אים איבער אַ פּאַק מיט פּראָקלאַמאַציעס)

לעקערט

(נעמט)

גוט. גוט.

רייזל

מיר וועלן מאַכן אַזאַ פיינעם שניי

איבערן טעאַטער שפּעטער —

דערווייל באַהאַלט דאָס ערגעץ.

פּייוול

דיין שפּייער האָסטו?

לעקערט

יאָ.

רייזל

איר פאָלגט נישט דעם באַשלוס פון דער אָרגאַניזאַציע?

פּייוול

מיר וועלן נישט שיסן. נאָר מאַלע וואָס עס מאַכט זיך.
און מיר דאַרפן דאָך אויפן פּאָנעטערעגער אַכטונג געבן.

רייזל

נישט גוט אַזוי, הירשקע —

לעקערט

ביסט גערעכט. אָבער דער באַשלוס איז דאָך אַ שרעקלעכער.

רייזל

טאָ זייט כאָטש פאָרזיכטיק.
אָט-דאָ וועלן מיר זיך שפּעטער טרעפן. (אָפּ)

(עס הויבן זיך אָן באַווייזן אַביסל מער יידן, וואָס קומען צו מנחה. פּראָסטנס אַזוינע, וואָס פילן זיך תקיף ביי זיך. בעלבאַטישע, זיכערע. פון ערגעץ אַ טרעפּל קריכט אַרויס

מענדל מיט זיינע עמער אויף די אקסלען. הוידעט זיך איבערן הויף, דערזעט לעקערטן, גייט אים אנטקעגן מיט א צע־
גאַסענעם שמייכל)

מענדל

(קומט צו)

נעם מיך אויף דער דעמאָנסטראַציע, הירשקע.

לעקערט

האָסט נישט מורא?

מענדל

מענדל האָט נישט מורא.

לעקערט

נאַ, קענסט דאָך לייענען. (גיט אים א בלעטל)

מענדל

(כאַפּט עס מיט פרייד)

אַוודאי. אָהאָ. אַ דאַנק דיר, הירשקע.

לעקערט

באַהאַלט.

מענדל

איך ווייס. איך ווייס. (שפּאַרט אין בוזעם) ביי מיר וועט מען שוין נישט געפינען. איך האָב נישט מורא פאַר ווילנע.

לעקערט

אַ וואָרף טון אַפּאָר בלעטלעך איבערן שולהויף, האַ?

פייוול

מיר טאָרן דאָס נישט טון. מ'האָט אונז נישט געהייסן.

לעקערט

נאָר אַ צוויי בלעטלעך.

(שפּאַרט אַפּאָר בלעטלעך אין די הענט פון די דורכגייענדי־
קע יידן. ס'ווערט אַ שטיקל בהלה. מ'אַנטלויפט. אַפּאָר, פאַר־
קערט, גיבן זיך אַ לאָז און פאַרלויפן דעם וועג לעקערטן מיט
פייזלען. דאָס זענען די יידן, די זיבערע, וואָס האָבן קיין מורא
נישט, אַז מען וועט זיי אין וואָס חושד זיין. אַנדערע נעמען
די בלעטלעך, קוקן אַריין און גיבן עס אַ שמיץ צוריק. אייניקע



נעמען עס צו מיט זיך און פאַרשווינדן. מענדל שטייט און קוקט
זיך צו און קוועלט.)

ערשטער

עוכרי־ישראל. ברענגען אומגליק אויף יידן.

צווייטער

זענען אייך ווייניק די גאַסן?

ערשטער

דירט זיך נישט צו צו דעם. ס'איז טרייף

דריטער

נישקשה, מען מעג אַריינקוקן וואָס שטייט געשריבן דאָ.

ערשטער

צוליב אייך ליידן מיר.

פייוול

נו, לויפט צום גובערנאַטאָר, חנפעט אים, דעם תלין.

צווייטער

ווילנע ווערט חרוב.

דריטער

לייענט אויף טשיקאַוועסט. אַ לשון, זאָג איך אייך,—פלאַם פייער.

ערשטער

פע. פסול. מיט די פיס צעטרעטן.

(טרעט מיט די פיס)

לעקערט

(בלייך)

טרעט נישט.

ערשטער

ווילסט זיך אפשר שלאָגן?

לעקערט

איר שלאָגט דאָך —

צווייטער

מיר האָבן אַ קליין ווינקעלע פאַר זיך—אַ שולהויף.
איז נעמט איר אים אויך אַוועק פון אונז.

דריטער

נישט רעכֿס, יידן, נישט רעכט צו ריידן אַזוי.
יושרדיקע ווערטער. נאָט, לייענט, בלוטיקע ווערטער.

(זאַליע קומט אָן)

זאַליע

(שאַרף)

מנחה!

פערטער

ווייניק יידן אין שול היינט.

זאַליע

ווייניק? איין ייד איז גענוג. (דערזעט לעקערטן, מיט געשריי)
אַראָפּגעפאָרן אַזש אַהער?

פייוול

קום. וואָס ווען מיר שטיין דאָ?

לעקערט

(צו זאַליען)

וואָס שרייט איר?

זאַליע

ווער דען דאַרף שרייען? זיי—די נגידים!

ערשטער

פע, ר' זאַליע.

זאַליע

ווי צו די זינדיקע און צוויי מאָל ווי צו די שטראָפער.

ערשטער

דער למדן מיטן שגעון.

זאַלי:

דער נגיד מיטן פאַרך.

ערשטער

ספּו. (אַנטלויפט אין שול אַריין. די איבעריקע מיט געלעכטער
נאָך אים.)

פייוול

קום. (אָפּ מיט לעקערטן)



זאַליע

(צו מענדלען)

וואָס דאַרפסטו דאָ?

מענדל

איך טראָג וואַסער, טאַטע.

זאַליע

אַהיים גיי.

מענדל

איך וויל דאָ זיין.

זאַליע

אַהיים גיי.

מענדל

היינט פאָלג איך אויך נישט.

זאַליע

וואָס?

מענדל

איך וויל זען די רויטע פאָן.

זאַליע

וואָס פאַר אַ פאָן?

מענדל

איך דאַרף היטן הירשקען.

זאַליע

היטן?

מענדל

איך האָב אים האָלט.

זאַליע

(מיט חיימיק)

נ—אַ—ר. (אָפּ)

מענדל

(מיט התפעלות)

זיי קומען.

(עס הויבן אָן צו קומען אַרבעטער, אויסגעפּוצט ערשט־מאַיק מיט שטעקלעך אין די הענט, אין אַלערליי קאָלירטע בלוזעס, אַסך רויטע. יונגעלייט און מיידלעך. זיי קומען אַריין פון איין זייט און גייען דורך פון דער צווייטער זייט. אַנדערע שטעלן זיך אָפּ. עס גרופּירן זיך קליינע רעדלעך. אָבער די אָנפירער, איינער פון זיי, אוסישקין, מיטן קוישל ספרים אויף די אַקסלען, לאָזן זיי נישט שטיין, שיקן זיי אַוועק. עס קומען יאָשקע, רחמיאַלקע מיט מיידלעך אַרום זיי. העלפקע מיט דער פאַן אונטערן פּאַלע. רייזל מיט אים. אַלץ באַוועגט זיך פון פּלאַץ צו פּלאַץ. אוסישקין לויפט אַרום פלינק, האַסטיק, פאַרשמייעט. אַט פאַרשווינדט ער, אַט באַווייזט ער זיך ווידער, און מאַכט מיט די הענט און גיט באַפעלן. די יידן, וואָס זענען געשטאַנען אויף די שוועלן פון די שולן, פאַרשווינדן. אַלע טירן האַקן זיך צו.)

אַ דעמאָנסטראַנט

(לייענט פון אַ בלעטל. אַ רעדל אַרום אים)

... נאָך קיינמאָל האָט די צאַרישע רעגירונג נישט אַרויסגעוויזן איר גאַנצע פּרעכטיקייט, ווילדקייט און אכזריות אַזוי אָפן. — אונז, יידישע אַרבעטער, איז שוין נישט איינמאָל אויסגעקומען איבערצוטראָגן די שרעקלעכסטע גוואַלדטאַטן פון די ווילדע צאַרישע דינער, נישט איינמאָל האָט מען אונז מאַסנווייז געוואָרפן אין די טורמעס, געשיקט אין סיביר, ווען מיר האָבן געפּרובירט כאָטש עטוואָס פאַרבעסערן אונזער לאַגע. —

אוסישקין

(לויפט אָן)

חברים, נישט זאַמלען זיך אין רעדלעך. גיין. גיין. צו דער דייטשער גאַס. חברים, צו דער דייטשער —

(שטופּט זיי לייכט אַוועק. געהיימניספול)

פון באָיעוואָי אָטריאַד זענען שוין אַלע דאָ?



רחמיאַלקע

מיר זענען דאָ. ווי דען?

יאָשקע

ווו איז א אַקן?

אוסישקין

ער וועט קומען באַלד. (צו דורכגייער) צו דער דייטשער. קיינע אויסגעשרייען ביז מען וועט נישט פונאַנדערוויקלען די פאָן. און הערט זיך נישט צו צו קיין פּוסטע קלאַנגען. מוט. מוט.

(ער ווערט פאַרשוווּנדן אין עולם. עולם פליצט פאַרביי)

איינער

(דורכגייענדיק)

די פּוילישע אַרבעטער, זאָגט מען, וועלן נישט קומען.

צווייטער

די ליטווישע אויך נישט.

דריטער

וועט דער הענקער האָבן אַ גוטן אויסרייד: נאָר יידן.

פערטער

מען וועט אונז היינט ממיתן.

פינפטער

צו וואָס אַזוינע רייד? ווער עס האָט מורא, זאָל אַהיים גיין.

זעקסטער

יע, יע. זאָל ער וויסן, דער הענקער, אַז נאָר יידן. יידן די ערשטע.

זיבעטער

און מיר זענען שטאָלץ, וואָס מיר די ערשטע.

אַכטער

דאָ דרייען זיך אַרום טונקעלע פאַרשוינען. שפּיאָנען.

ניינטער

וואָס ווייניקער ריידן. רויק זיין. דיסציפּלין.

(גייען פאַרביי, לעקערט און פייוול קומען צו מיט צעהיצטע פּנימער).

פ י י וו ל

אָן אַנטיק, זאָג איך אייך.

לעקערט

מען שטראָמט און מען שטראָמט.—אַך.—
פול די גאַסן מיט יום־טוב.—אונזערע יידישע אַרבעטער.

ר י י ז ל

איך פיל אַזוי ווי צום טאַנצן. אַזאַ לויטערער אָוונט. זעט.

(שלעפט לעקערטן צו וועלפקען)

באַקען זיך, הירשקע, מיט וועלפקען. —

לעקערט

(דריקט וועלפקען די האַנט)

זייט איר דאָס היינט דער גליקלעכער צו זיין דער פאָנענטרעגער. —

וו ע ל פ ק ע

יע.

יאָשקע

מיר זענען אים אַלע מקנא.

וו ע ל פ ק ע

איך בין זיך אַליין מקנא.

ר ח מ י א ל ק ע

מיר'ן אים ריכטיק היטן. מיר'ן אים אַרומנעמען, ווי אַ חתן אונטער דער חופה.

וו ע ל פ ק ע

און די פאָן — די כלה.

לעקערט

(צו פייוולען)

וואָס ביסטו מיטאַמאָל געוואָרן אומעטיק?

פ י י וו ל

די פּאָליאַקן האָבן אונז פאַרראַטן.

אַ ל ע

פאַרראַטן.



פ י י וו ל

אָן זיי זענען מיר אַזוי ווייניק —

לעקערט

(שאַרף)

ווייניק? איין קעמפער איז גענוג!

(איסאַק און רחל קומען צו. רחל וויל צוגיין צו לעקערטן, אָבער ער דרייט זיך אַוועק אָן אַ זייט. רחל טוליעט זיך צו רייזלען)

איסאַק

איך האָף, אַז איר האָט אַלע אויסגעפאָלגט דער באַשלוס מכּוח דאָס געווער.

ר ח מ י א ל ק ע

אַז מען קען שוין יע אַ קנייטש טון אַ גאָראָדאָוואָי, צי אַ שפּיק —

איסאַק

איך וויל איצט נישט הערן קיין טענות.

יאָשקע

כאָן וואָל מיט ביקסן, מיט נאַגאַיקעס, און מיר —

איסאַק

איך פרעג דאָך: ווער איז דאָ מיט געווער?

יאָשקע

איך.

ר ח מ י א ל ק ע

און איך —

איסאַק

גיט עס אַהער. (ביידע גיבן אים איבער די רעוואָלווערן. שטייען אָנגעבלאָזענע.)

איסאַק

(פּאַקט דאָס געווער צו זיך אין קעשענע)

פאָן וואַל מיטן גאַנצן מיליטער וואַרט נאָר אויף אַ מינדסטן שאָס פון אונזער זייט, און דעמאָלט—אַ בלוט־באָד איבער גאַנץ ווילנע, אויף שולדיקע און אומשולדיקע.

לעקערט

אַ בלוט-באָד וועט סיי-ווי זיין.

איסאַק

איר האָט אויך געווער ביי זיך?

פייוול

מען מעג אונז געטרויען.

איסאַק

איך וויל נישט קיין אַרגומענטן.

שטימען

איר ברעכט די דיסציפלין.

רחל

(מיט געבעט)

לעקערט.

וועלפקע

פאַרוואָס האָט חבר אוסישקין קיין מורא נישט!

איסאַק

ווער האָט נאָך געווער?

לעקערט

באַשערט שוין, אַז נאָר אונזער בלוט זאָל זיך גיסן אַלעמאָל. (גיט אָפּ איסאַקן זיין רעוואָלווער) פייוול, גיב אַוועק. (פייוול גיט אויך אָפּ.)

רחל

(צו איסאַקן)

ווי וועסטו זיך אַרומטראָגן מיט אַזויפיל געווער?

איסאַק

בעסער זאָל מען מיך איינעם אַרעסטירן.

לעקערט

איך גיב אייך אַוועק דאָס געווער, אָבער זייט וויסן — דער כעס קאָכט אין מיר.

איסאַק

איך וויל דאָס נישט הערן.

לעקערט

איך וועל זיך מיט אייך, ווייזט אויס, שוין אייביק קריגן.



איסאַק

אָבער איך וועל זיך מיט אייך נישט קריגן.

אוסישקין

(קומט צו לויפן)

שנעלער. די מאַסע איז אומגעדולדיק.

איסאַק

(שרייט)

באַרויקן. דיסציפלין. פאָרזיכטיקייט. נישט צעשליידערן זיך.

אוסישקין

איך וועל אייך אָנזאָגן שוין, ווען די פאָן צו פונאַנדערוויקלען גייט.

(איסאַק און אַלע אָפּ)

אַ טונקעלער פאַרשוין

(לויפט אָן)

עס וועט נישט זיין קיין דעמאָנסטראַציע.

אַ צווייטער

אויס קאַמף. אַהיים אַלע: שלום מיט די רעגירונג.

ערשטער

די אַרבעטער וועלן קענען עפענען פראָפעסיאָנעלע סאָיוזן.

צווייטער

מען דאַרף נישט דעם „בונד".

ערשטער

די קאָמיטעט-לייט זיצן אין דער היים און די אַרבעטער שיקן זיי בלוט פאַרגיסן! (אָפּ)

אוסישקין

(שרייט)

שפּיאָנען. זובאַטאָווצעס. כאַפּט זיי. (לויפט אָפּ, און מיט אים די לעצטע אָנקומענדיקע)

אויסגעשרייען

(פון הינטן)

נידער מיט ניקאָלאַי דעם צווייטן. נידער. נידער.

(שול־הויף פוסט. די זון האָט זיך געזעצט. מענדל קומט
אָן. שטייט אינמיטן הויף, הערט זיך צו צו די װייטע אויס־
רופן. דער בלינדער מיט זיין פירער איילן פאַרביי.)

פירער

(צו מענדלען)

שטיי נישט, אַנטלויף.

בלינדער

צו װעמען רעדסטו?

פירער

דער מענדל שטייט װי אַ שטיק האָלץ.

(עס דערטראָגן זיך מיטאמאָל װילדע געשרייען, געװיינען, פּיי־
פעריי און טופעריי פון פערד. בייז. פאַרצװייפלט. שניידנדיק.)

בלינדער

אוי, אַ קלאָג צו מיר.

(אַנטלויפן. מענדל לאָזט זיך מיט זיינע עמערס צו דער זייט,
פון װאַנען עס קומען די געװאַלדן. בלייבט שטיין ביי אַ װאַנט,
װאַרפט זיך אַ צעטישטער מיט אויסגעשטרעקטע הענט. די
געװאַלדן װערן נעענטער. דורכן שול־הויף אויף צוריק לויפן
אַ טייל פון די דעמאָנסטראַנטן. צעשויבערטע, צעשלאָגענע. זיי
שטויסן מיט מענדלען און שלעפן אים מיט זיך, װי אַ שטרויִ.
די עמערס מיטן קאַראָמיסל פאַלן אַרונטער פון זיינע אַקס־
לען און צעשיטן זיך איבערן הויף. איניקע, דרייסטערע,
סטאַרען זיך אָפּהאַלטן דאָס געלויפעריי. אָבער אָן ערפאָלג.
קולות פון די דרייסטערע און פון די קליינמוטיקע שטויסן
זיך איינע אָן די אַנדערע.)

קולות

— לויפט נישט.
— שרעק יאָגט אונז.
— שטעלט זיך קעגן.
— שװערדן.
— פּיקעס.



— מיר — די ערשטע.
— זיגן.
— בונד.
— טויט.
— קעפּ אויף שטיינער.
— פאַרלוירן. פאַרלוירן.
— עס לעבע.
— נידער.
— בלוט. בלוט.

(די פּאַניק װערט גרעסער, שטויסט אַלעמען אַװעק. מענדל
לויפט גלייך צוריק. שליידערט מיט די הענט. רעװעט. אים
אַנטקעגן קומט איסאַק אַ װאַקלדיקער, אַ צעשויבערטער, זעט
אויס װי אַ מענטש, װאָס גייט אַרום ביינאַכט אין שלאָף, די
אויגן אויפגעריסן. בלייך װי דער טויט.)

מענדל

דערהרגעט הירשקען?

איסאַק

אַלץ דערהרגעט.

מענדל

(מיט יאָמער)

גיסט זיך בלוט הירשקעס?

איסאַק

גיסט זיך. גיסט זיך.

מענדל

אַ ליגן. נישט דערהרגעט.

איסאַק

(קומט צו זיך)

װאָס װילט איר?

מענדל

הירשקען קען מען נישט דערהרגענען.

איסאַק

װעלכער הירשקע?

מענדל

ער איז אַ גיבור. ער האָט אַ קיילעכדיקן ביין.

(עס דערטראָגט זיך אַ צהיימער אויסרוף פון געשרייען.)

איסאַק

(ליגט ארויף די פינגער אויף די אויגן. וויגט זיך שיער נישט צום פאלן, אוסישקין קומט צו לויפן, כאפט אָן איסאַקן.)

אוסישקין

איסאַק!

איסאַק

איך טאָר דאָ מער נישט זיין.

אוסישקין

(הילר פון כעס)

שווייג!

איסאַק

בלוט אויף מיין קאָפּ.

אוסישקין

ביסט משוגע געוואָרן —

איסאַק

יע.

אוסישקין

טאָ שטיי נישט אין וועג. דו הערסט? שטיי נישט אין וועג.

(שטויסט אים אַוועק, און אליין—מיט געהויבענע הענט אנט-קעגן דעם אָנקומענדיקן עולם.)

(עס קומט אָן נאָך אַ שטראָם אנטלויפנדיקע. לעקערט, רייזל און אוסישקין פארלויפן דעם וועג אפריער. הילן אָפּהאלטן דעם שטראָם, נאָר זיי קענען נישט. דער שטראָם שטויסט זיי. לעקערט איז צעשלאָגן, צעפליקט. דאָס פּנים אין בלוט.)

מענדל

הירשקע! הירשקע!

אוסישקין

(מיט צעשפּרייטע הענט, פּאָכעט אנטקעגן דעם עולם)

צוריק. צוריק.—די חברים שלאָגן זיך פאר אונזער פאָן.



זיי טרעטן נישט אָפּ — און איר אַנטלויפט.

איר לאָזט אונז איבער אַליין.

רייזל

ראַטעווען די פאָן. ראַטעווען.

קולות

פאַרשטעלט נישט דעם וועג!

לעקערט

איך וועל פאַרשטעלן.

סיידן איבער מיין גוף וועט איר לויפן —

ברידער, בונדאָווצעס,

איך בעט אייך.

קולות

ווער זייט איר?

לעקערט

איינער פון אייך. —

(דער געדראַנג הערט שטארק, לעקערט, רייזל און אוסישקין שפּארן אויף צוריק, לעקערט דערזעט מענדלען.)

מענדל, העלף, לאָז נישט לויפן, האַלט. —

מענדל

(מיט אימפעט, גיט זיך אַ לאָז אנטקעגן)

איר אַנטלויפט און הירשקע זאָל שטאַרבן.—צוריק.

(דער געדראַנג הערט אָבער נאָך שטארקער, מען שלאָגט מיט די הענט, מיט אלע גלידער, מען ברעכט דורך דעם אָפּהאלט, און מען שלעפּט מיט מענדלען, מיט רייזלען און אוסישקינען. לעקערט לאָזט זיך נישט מיטשלעפּן, ער קלאַמערט זיך אין אלעמענס פיס און ראנגלט זיך. ער האלט נישט אויס, ער בלייבט ליגן. אלע לויפן איבער אים. אָפּ. לעקערט ליגט. נאָכט פאלט צו. פייחל קומט, פירנדיק אונטערן האַנט וועלפקען. ביידע צעבלוטיקטע. וועלפקע האלט זיך קוים אויף די פיס, וואַקלט זיך. פייחל האלט אים אונטער.)

וועלפּקע

האַלט מיך נישט.

(שטויסט אָפּ פּייוולען און לאָזט זיך אַרונטער אויף דער ערד.)

פּייוול

(היל אים אויפהייבן)

קום פון דאַנען.

וועלפּקע

נעם מיך נישט ביים האַנט. זיי האָבן מיר אויסגעבראָכן די האַנט. (קרעכצט) די פאָן נישט אָפּגעראַטעוועט.

(דערזעט לעקערטן)

הירשקע.

לעקערט

(קומט צו זיך, הויבט זיך אויף)

שריי נישט.

וועלפּקע

די פאָן פאַרלוירן.

לעקערט

(שפּרינגט אויף)

אָפּהאַלטן דאָס געלויף.

פּייוול

נישטאָ שוין וועמען אָפּצוהאַלטן

וועלפּקע

איבערגעלאָזט אונז אַליין.

לעקערט

וועלן מיר קעמפן אַליין —

וועלפּקע

ביי וואָלטן אונז שוין בעסער אַרעסטירן מיט אַלעמען גלייך. —

לעקערט

מען וועט אַרעסטירן. מען וועט.

פּייוול

מיר וועלן אָפּצאָלן.



וועלפּקע

אָפּצאָלן — אָבער די פאָן נישט אָפּגעראַטעוועט. —

לעקערט

און זיך האָבן מיר יע געראַטעוועט.

וועלפּקע

אַ חרפּה. (האַקלט זיך אַוועק אַליין אין געבראָכנקייט)

לעקערט

פּייוול, דו הערסט,—מען דאַרף אָפּגעבן דאָס גאַנצע לעבן —

פּייוול

וואָס מיינסטו?

לעקערט

אָט דאָס וואָס איך זאָג — דאָס מיין איך.

און אויף דער פאָן קלאָג איך נישט.

מען קען אויפנייען אַן אַנדערע. —

פּייוול

(אָפּ אין אַ צווייטער זייט, שווייגנדיק)

לעקערט

(אין אַ ווינקל ערגעץ. שטייט מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ, אַזוי ווי צוגעקלעפּט צום וואַנט. מענדל קומט אָן, קלויבט צוזאַמען זיינע צעשליידערטע עמער. טוט זיי אָן. דערזעט לעקערטן. איילט צו אים מיט פרייד.)

מענדל

הירשקע, וואָס מאַכסטו?

לעקערט

שריי נישט.

מענדל

האָסט געבראַכט די פאָן?

לעקערט

נישטאָ זי.

מענדל

איך וויל זען די רויטע פאָן.

לעקערט

אַט זע. (טראָגט אים צו זײַן צעבלוטיקטן קאָפּ)

מענדל

בלוט.

לעקערט

דאָס איז די רויטע פאָן.

מענדל

איך וועל לויפן נאָך וואַסער און דיר אָפּוואַשן דעם שטערן.

לעקערט

מען דאַרף נישט.

מענדל

(קישט אים אָפּ מיט אַ ברעג פון פּאָלע דאָס בלוט פון קאָפּ)
אַ צווייטן מאָל וועל איך דיך באַגעגענען מיט פולע עמערלעך.

לעקערט

אַ דאַנק דיר, ברודערל.

מענדל

(מיטאַמאָל)

אוי, איך וועל נעמען שרייען.

לעקערט

שאַ, מענדל.

מענדל

דיר גיסט זיך ווידער בלוט פון קאָפּ. —
איך וועל שרייען, זאָג איך. איך וועל שרייען. —
(כאַפּט אַרום זײַן אייגענעם קאָפּ און לאָזט זיך לויפן מיטן געשריי)
יידן, הירשקעס בלוט גיסט זיך.
יידן. יידן.

(פאָרהאַנג)



## בילד פיר

(אַן אָרים טיי־שטיבל. אַן אָרט, הו עס קומען זיך צונויף בונדיסטן. די באַלעבאָסטע—אַן איינענער מענטש. צחיי טעג נאָך דער דעמאָנסטראַציע. פאַרנאַכט. או־סישקין זיצט איבער אַ טישל מיטן קאָפּ פאַרהאָרכן און שלאָפט. זײַן גאַנצע פּאָזע דריקט אויס מידקייט און טרויער. הינטערן טיר הערט מען אַ גערומל. לעקערט, הערט מען, שרײַט אויף אַן אומנעהיינטלעכן קול: „לאָזט מיך אַרײַן, מוטינקע". לעקערט פּראַלט פונאַנדער די טיר און רײַסט זיך אַרײַן. די באַלע־באָסטע נאָך אים. האַלט אים פאַר די אַקסלען.)

באַלעבאָסטע

הירשקע, הירשקע, וואָס איז מיט דיר?

לעקערט

(שיכּורלעך)

לאָזט מיך אַרײַן, מומע. לאָזט מיך אַרײַן.

באַלעבאָסטע

איך לאָז דאָך דיר — שריי נישט.

לעקערט

איר האַלט מיך צו. — האַלט מיך נישט.
איך האָב פײַנט, אַז מען האַלט מיך צו.
זיי האָבן מיך געהיט, האָבן זיי מיך.
זיי זענען געשטאַנען איבער מײַן קאָפּ צוויי מעת־לעת
און געהיט מיך, ווי מען היט אַן אָסטראָזשניק.

באַלעבאָסטע

ווער? ווער?

ל ע ק ע ר ט

ביידע. ביידע. די מאַמע און ס'ווייב.
געשטאַנען ביי דער טיר און צוגעהאַלטן די קליאַמקע.
נישט אַרויסגעלאָזט מיך פון שטוב —
צוויי מעת-לעת, מומינקע. צוויי מעת-לעת.

ב אַ ל ע ב אָ ס ט ע

פון דיר שמעקט בראָנפן. ביסט שיכור.

ל ע ק ע ר ט

נישט שיכור, מומינקע, נישט שיכור,
איך שווער אייך. איר זעט דאָך. איך שטיי גלייך.
איין מאַנאָפּאָלקע, מומינקע, איין קליין פלעשל.
איך ווער דערוואָרגן.
איך ווער דאָך משוגע, מומינקע.
איך קען דאָך נישט פאַרטראָגן —

ב אַ ל ע ב אָ ס ט ע

וואָס איז מיט דיר?

ל ע ק ע ר ט

די שמיץ, מומינקע. — דער תליון. פאָן וואַל.
וויפל חברים האָט ער געשמיסן?
זאָגט וויפל?

ב אַ ל ע ב אָ ס ט ע

ש...ש... באַרויק זיך. וווהין גייסטו?

ל ע ק ע ר ט

עס ברענט אין מיר.
עס טרייבט מיך איבער די גאַסן גיין און שרייען,
און רופן: ברידער, חברים, וואָס שווייגט מען!

ב אַ ל ע ב אָ ס ט ע

שטילער. ווענט האָבן אויערן.

ל ע ק ע ר ט

(געפּאַלן)

וואָס-זשע זאָל איך טון, מומינקע?
(מיט פויסטער) דער „בונד" איז דאָך נישט געשטאָרבן, האַ?



אָט שלאָפט ער גאָר, דער חברקע אוסישקין —
(שפּרינגט צו צו אוסישקינען, קוקט אים אַריין אין פּנים)
חברקע. —

ב אַ ל ע ב אָ ס ט ע
(שלעפּט אים אָפּ)

וועק אים נישט. ער איז מיד און קראַנק.

ל ע ק ע ר ט
(זינגט אומלויפנדיק איבערן שטוב)

מיר ווערן געהאַסט און געטריבן,
מיר ווערן געפּלאָגט און פאַרפאָלגט.

ב אַ ל ע ב אָ ס ט ע

זעץ זיך. איך וועל דיר געבן טיי —

ל ע ק ע ר ט
(פּלוצלינג)

איר זאָלט זיי נישט אַריינלאָזן, מומע —
זיי לויפן מיר נאָך, זיי פאַרקלאָגן מיר דעם קאָפּ —
זיי קומען, מומע, — זיי קומען?

ב אַ ל ע ב אָ ס ט ע

קיינער קומט נישט.

ל ע ק ע ר ט

פאַרהאַקט די טיר. איך וויל זיי נישט אָנקוקן.
איך האָב זיי פיינט. פיינט.
טאַקע אַ מאַמע. טאַקע אַ ווייב —
אָבער — אָבער — וואָס זאָל איך טון, האַ?
אָט-אַזוי ווי איר זעט, האָבן זיי זיך אַוועקגעשטעלט ביים טיר
און — כאָטש פּלאַץ — לאָזן נישט אַרויס.
אַרויסגעזעצט אַ פענצטער און אַנטלאָפן. —
קריגט מיר נאָך אַ פלעשל, מומינקע — קריגט מיר.
פאָן וואַל וועט מיך דערשטיקן —
ער וועט אַלעמען דערשטיקן —
איך וויל שנאַפּס.

באַלעבאָסטע

הירשקע. ס׳איז נישט שיין. ביסט אַ בונדאָוועץ׳.

לעקערט

יע, מומינקע, זייט מיר מוחל.
אָבער—אָבער — איך קען דאָך נישט פאַרטראָגן.
דער חברקע אוסישקין שלאָפט ווי אין אומגליק —
און אונזער פאָן — אַזאַ שוואַכינקע,
און אונזערע הענט—ליידיקע,
און דער תליון איז צופרידן.
אַזוי פיל צעשמיסענע לייבער.
גאַנץ ווילנע אין בלוט פאַרגאָסן.
און זי שווייגט — ווילנע.
נקמה, מומינקע, נקמה. —

באַלעבאָסטע

שטילער.

לעקערט

אין דר׳ערד אַריין.
איך וועל אויך דאָ אַלע שויבן אויסברעכן.
וואָס זיצט מען דאָ און מען שלאָפט?
(שפרינגט צו און טוט אַ זעץ אין טישל, הו אוס שקין שלאָפט.
אוסישקין כאַפט זיך אויף.)

באַלעבאָסטע

ביסט משוגע געוואָרן, צי וואָס?

אוסישקין

וואָס איז דאָ?

לעקערט

(פאַרשעמט)

זייט מיר מוחל.

אוסישקין

איר זייט שיכור?

לעקערט

ניין, חבר, ניין. — שלאָפט. שלאָפט.



(זינגט)

מיר ווערן געשאָסן, געהאָנגען. — — —
זינגט מיט מיר, חברקע. איר אויך, מומע.

אוסישקין

פון אייך שמעקט בראָנפן. מיר געפעלט עס נישט.

לעקערט

מער נישט טרינקען, — איך שווער אייך.
זינגט מיט מיר.
פון גרויס עגמת־נפש געטרונקען.
פון גרויס עגמת־נפש. זינגט מיט מיר.
טאַנצט מיט מיר. —
איבער פאָן וואַלס קאָפּ אַ האָפּקע גיין. —
וואָס קוקט איר אויף מיר אַזוי?
איר זייט אין כעס אויף מיר?

אוסישקין

(לייגט אַרויף זיינע הענט אויף לעקערטס אַקסלען)
איך בין נישט אין כעס אויף אייך,
איר זייט אַ ווילער.

לעקערט

(מיט שמחה)

אַ געזונט אויף אייך.
אַז מען הרגעט אויס אַסך ברידער, חברקע,
און עס בלייבט איבער נאָר איינער, דער לעצטער —
נעמט דער איינער און גיט אויך אַוועק דאָס לעבן —
דאַרף מען דערויף וויינען, האַ?

באַלעבאָסטע

(ברענגט אַריין טיי)

טרינק, הירשל.

לעקערט

גיט מיר אַ רעוואָלווער, חברקע. —

אוסישקין

אויף וואָס דאַרפט איר?

לעקערט

איך מוז האָבן אַ רעוואָלווער. איך מוז —

(עס קומט אַריין אַ גרופּע אַרבעטער. אַפּאָר מיידלעך. זעצן זיך אַרום אַ טיש. גריסן זיך)

ערשטער

טיי, מומע.

באַלעבאָסטע

שוין, שוין. (אָפּ)

צווייטער

זעט, חבר אוסישקין איז דאָך דאָ —

דריטער

מיר האָבן געמיינט, אַז איר זייט אַרעסטירט.

אוסישקין

דערווייל נאָך נישט, ווי איר זעט.

ערשטער

שפּיקעס אויף יעדן טראָט. אַן אומגליק אויף זיי.

צווייטער

איר האָט זיך באַדאַרפן מער היטן, זיי זוכן אייך.

אוסישקין

וועלן זיי מיך מסתמא געפינען.

באַלעבאָסטע

(האָט אַריינגעבראַכט טיי)

ערשטער

(הייזנדיק אויף לעקערטן)

אַ נייַ פּנים — ווער איז ער?

באַלעבאָסטע

אַן אונזעריקער. אַן אייגענער. וואָס נייַעס, קינדער?

ערשטער

שרעקלעכע נייַעס.

צווייטער

דער צאָל פון די געשמיסענע דערגייט ביז דרייסיק.



דריטער

און פאַן וואַל איז דערבייַ געוועסן און געציילט די שמיץ.

ערשטער

דער גאַנצער הויף פון טורמע איז פאַרגאָסן מיט בלוט.

אַ מיידל

(מיט געוויין)

הערט אויף!

לעקערט

(איז געוועסן ערגעץ באַזונדער. ער שפּרינגט אויף מיט אַ געשריי)

דרייסיק?!

באַלעבאָסטע

הירשל. באַרויק זיך.

לעקערט

און קיינער האָט צוריק נישט געגעבן?

ערשטער

אַזוי פיל סאָלדאַטן אַרום —

לעקערט

אָבער דרייסיק!

(שלאָגט זיך מיטן פויסט איבערן קאָפּ)

דרייסיק. דרייסיק.

(עס איז אַריינגעקומען וועלפּקע מיט אַ פאַרבונדענער האַנט, דערנאָך — יאַשקע און רחמיאלקע. וועלפּקע זעצט זיך ביים טישל, וו לעקערט. שווייגט)

אוסישקין

אָט איז וועלפּקע, אָ. (כאַפּט אים אַרום) וואָס מאַכט איר?

עטלעכע

וואָס מאַכט אייער האַנט?

וועלפּקע

(בייז)

דער שוואַרציאָר וועט זי נישט נעמען.

א ו ס י ש ק י ן

(צערטלט אים)

ליבער יונג—נישט אַזוי פינצטער זיין.
אייך פּאַסט עס נישט. און קיינעם פּאַסט עס נישט.
בונדאָווצעס טאָרן דעם מוט נישט פאַרלירן. —
אפשר וואָלט איר מיר אויך געגעבן אַ גלעזל טיי, מומע.

ב אַ ל ע ב אָ ס ט ע

אַוודאי, מיט פאַרגעניגן.

ו ו ע ל פ ק ע

אַז מען פאַרטרויט אייך די פאָן—דאַרפט איר שטיין פאַר איר
ביזן לעצטן אָטעם און נישט אָפּטרעטן.
און איך בין אָפּגעטראָטן. און אַלע. איר אַלע.
מיר זענען טרוסן —
מען דאַרף אונז אויסשליסן פון „בונד".

ל ע ק ע ר ט

זאָל מען זינגען די „שבועה".
לאָמיר אַלע שווערן פון דאָס ניי —

ו ו ע ל פ ק ע

פון דער דעמאָנסטראַציע, ווי די מייז, געלאָפן —
און אין טורמע — צוויי אָנגעפּאַקטע קאַמערן מיט אַרעסטירטע.
פאַרוואָס האָבן זיי כאָטש די פענצטער נישט אויסגעבראָכן?
געציטערט פאַרן אייגענעם לייב? —
אַ רעוואָלוציאָנער איז נישט קיין באַלעבאָס איבער זיין לייב.

ל ע ק ע ר ט

געררעכט. גערעכט. מערזאַווצעס זענען מיר.

(שטייט אינמיטן שטוב. רעדט מיט א פארשטיקט קול)

אָנשטאָט צו זיצן אָט דאָ-אָ —
וואָס זיצן מיר דאָ?
אַ יידישער קעמפער דאַרף — — —

ר ח מ י א ל ק ע

(אריינגעקומען מיט יאָשקען)

אָט איז ער דאָך אָ.



י אָ ש ק ע

מיר זוכן דיך אַרום, היו׳שקע.

ר ח מ י א ל ק ע

געווען אין שטוב ביי דיר. אַיללה דאָרט.

י אָ ש ק ע

אַ יאַכמערניש פון יידענעס.

ר ח מ י א ל ק ע

האָסט אויסגעבראָכן אַ פענצטער —

ל ע ק ע ר ט

(מיט ציטער)

נו, וואָס האָב איך געזאָלט טון?

ר ח מ י א ל ק ע

וי וועט דאָך באַלד דאָ זיין—די יידענע דיינע.

ל ע ק ע ר ט

מען זאָל זי נישט אַריינלאָזן, מומינקע.—
אַז נישט, וועט זיך טון חושך, וועט זיך טון.

ר ח מ י א ל ק ע

קוקט, ווי ער האָט עס מורא.

ל ע ק ע ר ט

שווייג!

ר ח מ י א ל ק ע

שעמען מעגסטו זיך,

ל ע ק ע ר ט

לעקערט האָט קיין מורא נישט פאַר קיינעם.
רחמנות האָב איך אויף איר. רחמנות.
און דו—האַלט ס׳מויל.

א ו ס י ש ק י ן

צו וואָס אַזוי קאָכן זיך?

ל ע ק ע ר ט

(חאַקלט זיך אַרום)

נו זאָגט אַליין. —
איר זייט דאָך אַ געלערנטער, אַ קאָפּמענטש. —
קען אַ מענטש הערן, ווי מען וויינט איבער אים,

ווי איבער אַ טויטן?
דער גאַנצער קעלער מיינער וויינט דאָך —
אַלע פיר ווענט וויינען. —
אָט אַזוי־אָ זיצן זיי די ווייבער, —
די הענט פאַרבראָכן,
די ליפּן צעקרימט,
און די אויגן געשוואָלן,
און מען יאָמערט:
הירשקע, דו קוילעסט אונז אָן אַ מעסער — — —
אַ פינצטערער יאָר —
גיט מיר אַ מעסער, וועל איך טאַקע קוילענען. —
עס עסט מיך די חרפּה פון שמיץ,
און דאָס שמייכעלע פונעם תּליון שלאָגט מיך איבערן פּנים.
ווילנע איז אַ פאַרך —
און מיר אַלע זענען פאַרכעס.
און איך ליג אויפן בעט און קען נישט שלאָפן,
הויב איך מיר אָן זינגען די שבועה —
ווערט די יללה פון די ווייבער נאָך גרעסער. —
זאָל איך דערוואָרגן ווערן, האַ?
(זיצט אַ געזונקענער, שפּרינגט אויף)
אַז איך מוז זינגען די שבועה,
די הייליקע שבועה — —
וואָס שווייגט איר? זינגט מיט מיר!
רעוואָלוציאָנערן דאַרפן זינגען. —
צי דאָ טאָר איך אויך נישט?
באַלעבאָסטע
מען מעג, אָבער נישט צו הויך. איך וועל שוין אַכטונג געבן. (אָפּ)
לעקערט
חברקע אוסישקין, זינגט מיט מיר.
(זינגט)
„ברידער און שוועסטער פון אַרבעט און נויט,
„אַלע, וואָס זענען צעזייט און צעשפּרייט —


„צוזאַמען, צוזאַמען. די פאָנע איז גרייט,
„זי פלאַטערט פון צאָרן, פון בלוט איז זי רויט,
„צו שבועה. צו שבועה אויף לעבן און טויט” —
(אוסישקין העלפט אונטער. נאָך אים שטייען צו אויך יאָשקע און רחמיאלקע)
לעקערט
אַ מחיה. — אַלע! אַלע!
(געזאַנג)
„הימל און ערד וועט אונז הערן,
„עדות—די ליכטיקע שטערן.
„אַ שבועה פון בלוט און פון טרערן.
„מיר שווערן. מיר שווערן”.
(העלפקע שטייט אויך צו און אַלע איבעריקע. מען זינגט שטיל, אָבער טיף, מיט קלעמונג. מיט געשטיקטן עקסטאַז. ווי אין אַ באַהאַלטענער הייל. לעקערט איז אינגאַנצן אָנגעצונדן. אַלע זיינע אברים פּיבערן מיט התפּעלות.)
אוסישקין
(אויך אינגאַנצן אויפגעגאָסן אינעם געזאַנג, נעמט אַרום לעקערטן אַרום האַלז)
איר זייט דאָך אַ טייערער יונג, כ׳לעבן.
אַז מיר האָבן אַזוינע ווי איר, דאַרפן מיר נישט מורא האָבן.—
מ׳האָט אונז געפּייניקט—מען וועט אונז פּייניקן נאָך.
אונזער בלוט איז נאָך רויט,
און דער טיראַן איז נאָך דאָרשטיק.
אָבער די נקמה וועט קומען —
לעקערט
יע. יע.
איך מיין—איר זאָגט, די נקמה.
(דערהערט מיטאַמאָל הויכע שטימען הינטערן טיר, דערקענט זיין חייבס קול)
נישט אַריינלאָזן אַהער. נישט אַריינלאָזן — —
(עס קומט אַריין פרוי לעקערט און די באַלעבאָסטע.)

באַלעבאָסטע
(לאַכט)
נו, אָט האָסטו זי, הירשקע.

לעקערט
(פאַרלוירן, שטאַמלט מיט געבראָכענעם קוראַזש)
צו וואָס ביסטו געקומען אַהער?

ווייב
(בלייך און דערשראָקן)
קום אַהיים.

לעקערט
אַך.
(גיט זיך אַ זעץ אַרונטער ביי אַ טישל, באַהאַלט ס'פּנים אין ביידע הענט)

ווייב
(גייט צו צו אים, נעמט אים פאַר די הענט)
גיי אַהיים מיט מיר.

לעקערט
(שפּרינגט אויף)
איך וועל נישט גיין.

ווייב
זולן. אַ פענצטער אויסגעבראָכן.
(עס קומען אַריין אין דער צייט רייזל און רחל)

לעקערט
אַז—אַז—נו וואָס האָב איך געקענט אַנדערש טון. זיי מיר מוחל.

ווייב
קום אַהיים. (צו רייזלען) רייזעלע, טייערע, העלפט מיר.

לעקערט
מאַך נישט קיין לייטישע געלעכטער.

ווייב
מען וועט דיך אַרעסטירן. איך וויל זאָלסט אַהיים גיין.

לעקערט
איך קען אַהיים נישט גיין איצט. —



רייזל
(צו דעם חייב)
נו, מיין פריינט, ס'איז דאָך נישט גוט אַזוי. ער וועט אַליין קומען שפּעטער.

ווייב
ער וועט נישט קומען. איך ווייס. ער האָט פיינט די שטוב.
(פאַלט אַנידער)

אוסישקין
וויינט נישט, ליבע פרוי. גייט אַהיים.

ווייב
איך טו עס קיינמאָל נישט. איך לויף נישט נאָך.
נאָר היינט — איך קען נישט מער —
אַ מענטש איז מקריב אַלץ. אַלעמען.

לעקערט
איך בין קיינעם נישט מקריב, נאָך זיך. זיך.
נו, קום, קום. אַן עק —
(נעמט זי פאַר די הענט, ציט זי מיט. זי לאָזט זיך פירן. ביי דער טיר גיט ער זיך אַ ריס אויף צוריק. מיט געשריי: „גיי אוועק פון דאַנען"—שטויסט ארויס דאָס חייב. לעקערט זעצט זיך ביי אַ טישל געזונקען. שווערע שטילקייט.)

רחמיאלקע
טפו.

רחל
נישט געווען דאָ איסאַק?

אוסישקין
וואָס, נישטאָ אים טאַקע?

רחל
נישטאָ אים. פאַרפאַלן געוואָרן
(עס קומט אַריין איינער מיט אַ מאָדנער שטילקייט, ווי אַ שאָטן, געבליבן שטיין ביים טיר. זיין מאָדנע בלייך פּנים ציט אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט.)

אוסישקין

איר דאַרפט װעמען?

שטיל־אַרײנגעקומענער

(מיט פיבערדיקע ליפּן)

קײנעם נישט.

אוסישקין

װאָס שטײט איר בײם טיר?

שטיל־אַרײנגעקומענער

לאָזט מיך שטײן.

אוסישקין

אַן אונזעריקער?

שטיל־אַרײנגעקומענער

יע.

אוסישקין

עפּעס װאַקלט איר זיך. זעצט זיך בײ אַ טיש.

שטיל־אַרײנגעקומענער

נײן. נײן...

(פּויזע)

(עס קומט אַרײן איסאַק. ער איז אױסגעצערט. אָבער— שטײף אָנגעשטרענגט און ביטער.)

רחל

(מיט דערשראָקענער פרײד)

איסאַק!

אוסישקין

זע, ער לעבט דאָך. װוּ ביסטו געװען?

(אַרײנגעקומען פּיחל. געזעצט זיך לעבן העלפּקען)

איסאַק

װאָס איז דער חילוק װוּ איך בין געװען.

אוסישקין

מיר זוכן דיך אַרום צװײ טעג שוין.

איסאַק

נישטאָ װאָס צו זוכן.



(נעמט אַרום זײן קאָפּ. זיצט געבראָכן)

רחל

איסאַק.

איסאַק

לאָז מיך. (שטעלט זיך אױף) איר װעט אַלע אָנפאַלן אױף מיר.

איך װײס... אָבער —

רחל

װאָס װילסטו טאָן?

איסאַק

(שטופּט זי אָפּ פון זיך)

איך זאָג אָפן פאַר אײך אַלעמען.

איך קען נישט מער.

אוסישקין

איסאַק!

איסאַק

איצט װײס איך. איצט איז מיר קלאָר.

נישטאָ מער קײן ספקות.

איצט מוז איך זאָגן. איך מוז — —

דעם גאַנצן אמת. —

אוסישקין

װאָס פאַר אַן אמת?

איסאַק

דעם אמת, װאָס איך זע —

װעלפּקע

רעדט קלאָר.

(אַלע קוקן מיט שטױנונג)

איסאַק

מײן משפּט און מײן פּסק.

קײן חילוק נישט װער סע שפּילט זיך

מיטן מענטשנס לײב און לעבן, —

עס האָט קײנער אױף דעם נישט קײן רעכט. קײנער.

נישט דער רשע און נישט דער צדיק.

דער וועג פון בלוט און טויט — נישט דער אמתער וועג.
ס'איז דאָ אַן אַנדער וועג.

פ י י ו ו ל

וועלכער?

א י ס אַ ק

דער געדולדיקער.

פ י י ו ו ל

פאַרשטעלטע רייד.

א י ס אַ ק

פאַרוואָס פאַרשטעלטע?—איך זאָג קלאָר:
מיר דאַרפן ענדערן אפילו דעם קאַמף מיט דער רעגירונג.

פ י י ו ו ל

זובאַטאָוושטשינע.

א י ס אַ ק

זובאַטאָוו איז אַ צאַרישער זשאַנדאַרם. —
אָבער ווען עס קומט אַ מענטש אַן ערלעכער —

פ י י ו ו ל

פאַרראַט!

ע ר ש ט ע ר פ ון ד ע ר ג ר ו פ ע

(שפּרינגט אויף)

נישט וואַרפן זיך מיט אַזוינע ווערטער.

צ ו ו י י ט ע ר

מען מעג אַ טראַכט טון וועגן דעם, וואָס איסאַק רעדט.

ע ר ש ט ע ר

ס'איז דאָ אַ גרויסער אמת אין זיינע רייד.

ו ו ע ל פ ק ע

ניין, ניין. עס קען נישט זיין. (צו רחלען) רחל, וואָס רעדט ער?

א ו ס י ש ק י ן

(כאַפּט אָן איסאַקן פאַר די הענט מיט שרעק)

איסאַק, וואָס רעדסטו? (שרייט) חברים,
ער רעדט פון פאַרצווייפלונג



א י ס אַ ק

ניין. נישט פון פאַרצווייפלונג.

פ י י ו ו ל

ער האָט פאַרראַכן דעם „בונד”. פאַרראַטן די רעוואָלוציע.

(לויפט צו צו לעקערטן, וועלכער זיצט איינגעקלאַמערט דעם
קאָפּ אין זיינעביידע הענט)

הירשל, דו הערסט וואָס דאָ טוט זיך?
דו הערסט? —

(לעקערט קוקט מיט אויפגעשראָקענע בליציקע אויגן איינע-
געסן אין איסאַקן און שווייגט.)

פ י י ו ו ל

מיין לערער געווען. אַגיטירט מיך.
און אַז געקומען צו טון — דערשראָקן זיך.
צי ווער האָט מיך געשיקט אָפּשלאָגן אַרעסטירטע,
מאָרדעווען שפּיקעס און שטרייקברעכער—נישט איר דען?
פייוול, הייסט עס, האָט גראָבע הענט—מעג ער.
און איצט ווילט איר זיך די איידעלע הענט אָפּווישן און פּטור.
און דאָס גאַנצע בלוט איבערלאָזן מיר—דעם אָרימען פייוולען!

א י ס אַ ק

(צו פייוולען)

משפט מיך.

פ י י ו ו ל

דערלאַנגט עמיצן אַ רעוואָלווער און זאָגט:
דערשיסט מיך.

א י ס אַ ק

(נעמט ארויס א רעוואָלווער, דערלאַנגט פייוולען)

נאַט. שיסט.

ר ח ל

(רייסט דעם רעוואָלווער פון זיין האַנט)

ביסט אַרונטער פון זינען.

א י ס אַ ק

דו ביסט אויך קעגן מיר. איך ווייס.

רחל

איצט איז נישט די פראַגע פון מיר און דיר.
ס'איז דאָ עפּעס גרעסערס פון אונז ביידן. —

(איר גאַנצער גוף ברעכט זיך. לויפט צו, כאַפּט אַרום איסאַקן)

זאָג, אַז ס'איז נישט אמת. זאָג, ס'איז אַ שטימונג געווען.

איסאַק

(קלאַמערט זיך אָן רחלס הענט)

איך קען דאָס נישט זאָגן.

רחל

(מיט שטרויכלענדיקע פיס זעצט זיך אַרונטער)

איך האָב דיך ליב. איך זאָג דאָס אָפן פאַר אַלעמען.
און פאַר אַלעמען בעט איך דיך, נעם צוריק דיינע רייד.

איסאַק

זאָגסט דאָך אַליין, אַז איצט איז נישט די פראַגע פון מיר און פון דיר.

רחל

אָבער איצט איז נאָך מער נישט די צייט צו קומען מיט אַזאַ פאַרצווייפלונג.

איסאַק

ס'איז מיין אַנטשלאָסנקייט.

רחל

(בייט זיך מיטאַמאָל, גלייכט זיך אויס, זאָגט פעסט)

נעם צוריק דיינע רייד, וואָס דו האָסט גערעדט.

איסאַק

און אַז נישט?

(איסאַק שטייט אַ חילע, נעמט זיך שאַרן צום טיר.
אויך די פון דער גרופּע הויבן זיך אויף און הילן
זיך לאָזן גיין. לעקערט מיטאַמאָל שפּרינגט אויף,
לויפט צו צום טיר, פאַרשטעלט איסאַקן דעם וועג.)

לעקערט

(בלייך. זיינע ציין קלאַפּן אַזש)

איר וועט נישט גייך איצט פונדאַנען.



איר וועט נישט גיין, זאָג איך.

שטימען

וואָס מיינט דאָס?

לעקערט

אָט דאָ זייט, זאָג איך. אָט דאָ.
איך וועל אייך צווינגען מיט געוואַלד, וועל איך אייך.
איר קוקט מיך אָן —
איך בין הירשקע פייף, הירשקע פּאַטש,
איך בין הירשקע לײדאַק, —
איך הער — איר רעדט, איר קאָכט זיך —

(קלאַפּט זיך אין האַרצן)

אָט דאָ־אָ הערט זיך צו. אָט דאָ־אָ —

(שטרעקט אויס זיין האַנט)

איסאַק

לאָזט מיך אַרויסגיין.

לעקערט

(גייט אים אַנטקעגן מיט רציחה)

זידלען זאָל איך אייך? שלאָגן זאָל איך אייך?
צי איך זאָל הויבן מיינע הענט אויף חברים,
צי איך זאָל דאַרפן זאָגן אַ גראָב וואָרט —
איי—איי—איי — וועמען? אונזער פאָרשטייער?

(צו אוסישקינען)

איך פאַרשטיי דאָך נישט.
וואָס וויל ער?
איך הער ער זאָגט עפּעס: בלוט.
ער זאָגט עפּעס: משפט, פסק.
וועמענס בלוט? וועמענס?

(מייטלט מיטן האַנט צו איסאַקן)

זיין בלוט, צי דאָס בלוט פון די געשמיסענע!

שטיל־אַריינגעקומענער

(חי ער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען ביים טיר אַ היטער.

אַ פרעמדער, האַלט נישט אויס מער, גיט אַ געשריי אַ פײַנלעכן)
זאָל מען שווייגן!
(פוט אַ פאַל מיטן גאַנצן גוף צו דער ערד, ווי אַ
שמיק האָלץ. אַלע צו אים. מען הויבט אים אויף)

אוסישקין

(מינטערט אים)

וואָס איז אייך?

שטיל-אַרײַנגעקומענער

(מיט ווייטיק-געשריי)

רירט זיך נישט צו צו מײַן לײַב!

(אַלע שטייען פאַרגליווערטע)

אוסישקין

ווי איז אייער נאָמען?

שטיל-אַרײַנגעקומענער

(מיט פליסטער)

דער דרייסיקסטער געשמיסענער. —

באַלעבאָסטע

מיר'ן אים אַוועקלייגן אין אַ בעט, חברים.

(באַלעבאָסטע און אוסישקין און רחמיאלקע און יאָסקע און
נאָך אַפאָר פירן אים אַרויס אונטער די הענט, אַלע שטום.
פון הינטערן האַנט הערט מען דעם געפײַניקטנס קרעכצן.)

לעקערט

(צו איטשקן, מיט אַן אויפגעלויכטענער זיכערקייט)

איצט קענט איר אייך גיין.
איצט קענט איר אַלע גיין.
דער באַלעבאָס איז איצטער ער—דער געשמיסענער.
און וואָס ער הייסט מיר טון, וועל איך פאָלגן.
איך ווייס שוין וואָס מען דאַרף איצט טון.
איצט ווייס איך שוין. — —

(פאָרהאַנג)



# בילד פינף

(ביי לעקערטן. אַזייגער צען אין אָוונט. מאַמע קראַנק.
הייב זיצט לעבן איר. רחל און רייזל דרייען זיך אַ-
רום אומגעדולדיקט איבערן שטוב. קוקן אַלע ווײַלע
אין פענצטער. באַהערן זיך די אומגעדולדיקייט צו
באַהאַלטן. עס ברענט אַ קליין לעמפל.)

רייזל

נו, ווי פילט איר, באָבינקע?

אַלטע

(מיטן פנים צום וואַנט)

עס ווערט נישט בעסער, טאָכטערל.

ווייב

סטאַרעט זיך אײַנצושלאָפן.

אַלטע

איך סטאַרע זיך. איך סטאַרע זיך.

רחל

לייגט זיך אויך צו ביז וואַנען די געסט וועלן קומען.

אַלטע

וואָס פאַר אַ געסט?

ווייב

עפעס דאַרפן געסט קומען, זאָגן זיי, צו הירשקען.

רייזל

יע, באָבינקע, הירשקע וואַרט אויף זיי.

רחל

און אַז זיי וועלן קומען, וועלן מיר אַלע פאַרברענגען.

ר י י ז ל

לכבוד הירשקעס צוריקקומען פון קאַטערינאָסלאַוו.

אַ ל ט ע

אַזוי שפּעט?

ר י י ז ל

פאַר שמחות איז קיינמאָל נישט שפּעט, באָבינקע.

אַ ל ט ע

(הייבט זיך אויף, קוקט)

ווו-זשע איז הירשקע אַליין?

ו ו י י ב

ער קומט און לויפט אַוועק צוריק. אַלע ווײַלע, אַלע ווײַלע. איז נאַר-וואָס אַרויסגעלאָפן.

אַ ל ט ע

ביסט פאַרמאַטערט, טאָכטערל. (גלעט זי) קוקסט מיר נישט אויס ווי פאַר אַ שמחה.

ו ו י י ב

(זיצט מיטן קאָפּ אַרונטער)

ר י י ז ל

מיר'ן אײַך העלפן אויפנעמען די געסט.

(אַלטע לייגט זיך צוריק)

ו ו י י ב

שלאָפט איין, שוויגער. (צו ריזלען) דאַרף מען דאָך עפּעס צוגרייטן. אַ ליידיקע שטוב ביי מיר.

ר ח ל

זיי וועלן שוין אַלץ אַליין ברענגען.

ו ו י י ב

אַ פּעקל טיי כאָטש אָנגרייטן. אַ פונט צוקער. (בייגט זיך איבער דער שוויגער) זי שלאָפט, דאַכט זיך. איך וועל באַלד צוריקקומען. (לאָזט זיך גיין)

ר י י ז

האָט איר כאָטש געלט?



ו ו י י ב

איך וועל צובאָרגן. (אָפּ)

ר ח ל

(מיט אימפּעט)

וועל איך צולויפן צום צירק אַ קוק טון.

ר י י ז ל

ס'איז נאָך זייער פרי.

ר ח ל

איך קען אָבער נישט איינזיצן.

ר י י ז ל

און איך קען דען? (זי בייגט זיך איבער דער אַלטער) זי שלאָפט, יע.

ר ח ל

אַזאַ רחמנות אויף די צוויי אָרימע פרויען.

ר י י ז ל

רייד נישט. (פּויזע) אָבער אַז ס'וועט אָפּגילטן, וועלן מיר נישט בלייבן קיין ליגנערס. מיר'ן טאַקע מאַכן אַ שמחה.

ר ח ל

ווי פילסטו? ס'וועט אָפּגילטן?

ר י י ז ל

עס מוז. אַזוי פיל חברים העלפן אים. אפילו דער שוואַכער אוסישקין. וואָלסט אים באַדאַרפט אָנקוקן, אסישקינען.

ר ח ל

(באַהאַלט איר קאָפּ אויף ריזלען. צוקט מיט די אַקסלען)

און איסאַק? ווי קען ער זיין?

ר י י ז ל

וויין נישט, שוועסטער.

ר ח ל

(גלייכט זיך אויס)

איך וועל לויפן צום צירק.

ר י י ז ל

הירשקע וועט נאָך אַליין באַלד אַריינקומען.

ער האָט אַזוי געזאָגט. וואָס וויניקער ער דרייט זיך
אַרום צירק, איז בעסער. ס'איז נאָך פרי.

רחל

איך קען נישט איינזיצן.

(אָפּ. רייזל ציטערט אויף פון יעדן קלאַנג. עס קומט
אַריין איסאַק. צעשויבערט, אָפּגעריסן, פאַרוואַקסן.)

רייזל

(מיט שרעק)

איסאַק! פון וואַנען קומט איר?

איסאַק

אָט. איך קום. דאָ וווינט לעקערט?

רייזל

דאָ.

איסאַק

וואָס האָט איר אויסגעשטעלט אַזוינע צעשראָקענע אויגן אויף מיר?

רייזל

איר זעט אויס שרעקלעך. וווּ זייט איר געווען די גאַנצע צייט?
אין אַ וואַלד?

איסאַק

אפשר. רחל וויל אויך וויסן, וווּ איך בין געווען?

רייזל

אָבער זען היינט וויל זי אייך נישט.

איסאַק

אָבער איך וויל זי זען.

רייזל

נישט היינט.

איסאַק

און לעקערטן קען איך זען?

רייזל

אויך נישט היינט.



איסאַק

מעג איך זיך צוזעצן אַביסל? (וואַרט נישט אויף קיין ענטפער
און זעצט זיך.)

רייזל

(קוקט אים נאָך מיט מורא)

ווי איר זעט אויס?! (פאַרברעכט מיט די הענט)

איסאַק

ווער ליגט דאָ?

רייזל

לעקערטס מאַמע. אַ חולה.

(עס קומט אַריין לעקערט. בלייבט שטיין בײַ דער
טיר אַ דערשראָקענער, דערזעענדיק איסאַקן)

איסאַק

(צו אים)

איר וועט מיר אַנטשולדיקן.

לעקערט

איך בין היינט פאַרנומען.

איסאַק

איך וויל זען רחלען.

לעקערט

ניין, נישט איצט.

איסאַק

איך וועל אייך נישט שטערן.

לעקערט

(נאָענט צו אים)

וואָס האָט איר געטון מיט זיך? זיך גענומען און צעפּטרט
אויף טויט.

איסאַק

און איר וועט שטאַרבן, מיינט איר, אַן אַנדער טויט?

לעקערט

(צו רייזלען מיט פאַרצווייפלונג)

רייזל, וואָס איז ער געקומען?

איסאַק

איך בין געקומען וואָרענען.
איך בין געקומען אָפּהאַלטן אייער האַנט —
אַפילו פון פּאָן וואַלן.

לעקערט

(אויסער זיך)

פון וואַנען ווייסט איר?

איסאַק

ס'איז קיין סוד נישט.

לעקערט

איר זייט איצט אַ פרעמדער צו אונז.
איר האָט נישט קיין רעכט זיך אַריינצומישן.

איסאַק

איך ווייס, אַז איך האָב נישט קיין רעכט. איך ווייס.
איך בין געקומען נישט עצות געבן,
נאָר זאָגן אייך, וואָס איך זע. ווייט.

לעקערט

איך ווייס, וואָס איר זעט. איך קען אייך שוין.
איר האָט איין מלאָכה—אונטערהאַקן יענעם די פיס.
און מוסנע מאַכן יענעם אויף דער נשמה —
איר זעט נאָר פינצטערקייט.

איסאַק

יע. איך זע זי.
און איך זע אויך די פייערן, וואָס צינדן זיך אָן אין איר.
פייער אויף פייער, און טויט אויף טויט.
איך זאָג אייך: חורבן קומט. חורבן פון מענטש.

לעקערט

צוליב וואָס זייט איר דאָס מיר געקומען זאָגן?

איסאַק

איך זאָג אייך נאָכאַמאָל:
אַלע וועלן בלייבן שטעקן אין בלוט
אין פאַרשימלטן און פוילן.



ווייל פוילן פוילט יעדנס בלוט,
צי אייערס, צי פּאָן וואַלס, צי מיינס.
איין בלוט ביי אַלעמען. איין ריח און איין קאָליר.
און ס'וועט קערן גרין און גאַל פון אַלעמען.

לעקערט

איר רעדט פּאַסקודנע רייד
מיט אַ שבתדיקן לשון.

איסאַק

אַפילו רחלען האָט איר צוגענומען.

לעקערט

איר רעדט, ווי אַ משוגענער. גייט פון דאַנען.

איסאַק

וווהין זאָל איך גיין?—נאַרישער לעקערט.
איר זייט פּאָלקסמענטשן, פשוטע קינדער,
און עס שלעפן זיך אייך נישט נאָך קיין האָרבן,
און איר ווערט נישט צעריסן פון טרויער,
און איר זייט אייביק מיט גאָט, אייביק.
אַז איר וועט גיין שיסן פּאָן וואַלן,
און נאָכדעם, אַז איר וועט קענען אַנטלויפן,—
וועט איר אַנטלויפן;
אָבער איך, אַז איך וועל דערשיסן איסאַקן,
וועל איך שוין נישט קענען אַנטלויפן.
איך מוז זען רחלען. דערלויבט מיר.

לעקערט

(מיט קלאַפנדיקע ציין)

זי איז נישטאָ דאָ.

איסאַק

וועל איך קומען נאָך אַמאָל. (גיט אַ כאַפּ לעקערטן ביים האַנט)
געדענקט מיינע רייד צו אייך.
און אויב איר וועט נישט פאָלגן—זאָג איך אייך:
אייער האַנט זאָל נישט טרעפן. (אָפּ)

לעקערט

(כאַפּט אָרום דער אויף טויט-צעשראָקענער רייזלען)

ער איז אַרונטער פון זינען.
רייזעלע, חבר, פריינט—פאַרוואָס האָט ער מיך געשאָלטן?
איך גיי נעמען נקמה פאַר אַלע געפּייניקטע. —
וואָס האָט ער געהאַט צו מיר?
ער האָט מיר כ׳יין רעכטע האַנט צעטומלט. (ויצט פאַרלאָרן)

רייזל

(קושט אים)

הירשקע, נישט שרעק זיך. דיין האַנט וועט טרעפן.
(פּעסט) שטיי אויף. איך הייס דיר.

לעקערט

רייזעלע, וואָס פאַר אַ טייערע נשמה דו ביסט.
זאָלסט מיך נישט פאַרגעסן.
אוי, ווו זענען אַלע?

רייזל

אָט זענען זיי דאָך. (עס קומט אַריין רחל מיט דעם ווייב.)

לעקערט

(ווינקט צו רייזלען, זי זאָל רחלען פאַרנעמען צוריק
און אַרויסגיין ביידע)

וואַרט אויף מיר אין גאַס. (זיי שלייכן זיך ביידע אַרויס.)

ווייב

זע, זיי זענען נישט געוואָרן ביידע.

לעקערט

עס מאַכט נישט. זיי וועלן באַלד אַריינקומען צוריק.
ס׳וועט זיין פריילעך, מיין ווייב, און מיר וועלן טאַנצן.
(נעמט זי אָרום און דריקט זי צו זיך.)

ווייב

(איבערראַשט פון פרייד)

וואָס איז מיט דיר, הירשקע?

לעקערט

דו ווילסט נישט, איך זאָל דיך אַרומנעמען?



ווייב

אַז דו טוסט עס אַזוי זעלטן לעצטנס.
דו לאָזט מיך איבער אַליין גאַנצע טעג, גאַנצע נעכט.
'זין אַזוינע אומשטענדן מיינע.

לעקערט

נו, זיי מיר מוחל, ווייב מיינס, גוטע, געטרייע.

ווייב

(מיט טרערן, טוליעט זיך צו אים)

ביסט עפּעס אַזוי גוט היינט, ליבינקער מיינער.
אַז איך וויין אַזש פון שמחה. —

לעקערט

אַז איך בין אַלע מאָל פאַרדרייט, פאַרזאָרגט.
דו ווייסט דאָך, אַז איך בין נישט קיין שלעכטער.

(קושט זי)

ווייב

(צערודערט)

אַז איך בין נישט אין כעס אויף דיר, ליבינקער מיינער.
דו מיינסט, אַז כ׳וויס נישט, ווו דו גייסט אַוועק אין די אָוונטן.
איך ווייס, הירשקע, דו גייסט אויף סאָבראַניעס.
איך ווייס: דו ביסט איצט גאָר אַן אַנדערער,
און אַלע לייט האַלטן פון דיר.
טוט דאָס מיר אַוודאי גרויס הנאה,
אָבער דאָס האַרץ פונדעסטוועגן פאַרגייט מיר אין ציטערניש.

לעקערט

און איך האָב געמיינט, אַז דו האָסט פיינט מיינע חברים.

ווייב

ניין, ניין, מאַכסט אַ טעות.
איך בין דאָך אָבער אַן עלנדער מענטש, הירשקע.

לעקערט

(דריקט זי צו זיך)

ביסט מיר אַ ווילע, אַ טייערע, אַ גוטע.

וו י י ב

איך האָב פאַר דיר אַ פריילעכע בשורה, ליבינקער,
געוואָלט דיר נאָר זאָגן אינדערפרי און געשעמט זיך.

לעקערט

וואָס?

וו י י ב

אינדערפרי נאָך. היינט. איך זאָג דאָך דיר.
(אך בין אַ גאַנצן טאָג אַזאַ גליקלעכע.
אוי הירשקע, אַז ס׳וועט זיין אַ ייִנגעלע —
יפלוצלינג) וואָס איז מיט דיר, הירשקע? ווי דו ציטערסט!

לעקערט

זיינע פיס ברעכן זיך אים. ער פאַלט אויף אַ שטול)
ס׳איז גאָרנישט. שרעק זיך נישט.
ס׳האָט מיר עפּעס אַ שווינדל געטאָן פאַר די אויגן. (שטעלט זיך
צוריק) שוין. שוין. (קושט זי. רייסט זיך אָפּ פון איר. לויפט צו
צו דער מוטער. פאַלט צו צו איר פּנים. שפּרינגט אויף און לאָזט
זיך צום טיר.)

וו י י ב

וווהין?

לעקערט

אַ גוטינקע נאַכט דיר. (אָפּ האסטיק)

וו י י ב

(מיט געשריי)

וווהין איז ער אַוועק?
(לאָזט זיך לויפן, לויפט ארויס, קומט אריין צוריק. שטייט
מבולבל. כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ. נעמט שרייען צו דער אַל-
טער, וועלכע כאַפּט זיך אויך אויף מיט אַ ציטער)
וווהין איז ער אַוועק?

אַ ל ט ע

ווער, וואָס?

וו י י ב

הירשקע!



אַ ל ט ע

צו מיינע שונאימס קעפּ. אַזוינע חלומות.
ווער איז דאָס מיר געקראָכן איבערן פּנים?
און שיער מיר נישט אויסגעלעכערט די אויגן?

וו י י ב

(מיט געוויין)

מיין האַרץ ווערט מיר צעריסן — איך האָב מורא.

אַ ל ט ע

(הייבט זיך פון בעט, שפּרייט אירע הענט. זיצט איבער-
גערעקט מיט די פיס ארונטער)
טאָכטערל, טאָכטערל.
(עס קומען אריין רחל און רייזל מיט נאָך פאַרגרעסערטער
פריילעכקייט, הילן פאַרטושלען דעם שרעק פון די פרויען.)

וו י י ב

זאָגט מיר דעם אמת, וווהין איז ער אַוועק?

ר י י ז ל

ער איז געגאַנגען ברענגען דעם גאַסט.

אַ ל ט ע

ווידער מיט די געסט? וואָס פאַר אַ געסט אינמיטן נאַכט?

ר י י ז ל

אַ חברשע שמחה, באָבינקע. מ׳וועט מאַכן טיי און מ׳וועט טאַנצן.

אַ ל ט ע

קען מען דאָס נישט אָפּלייגן אויף מאָרגן?
איך בין אַ חולה. איך ליג צו בעט.

ר ח ל

מאָרגן וועט שוין דער גאַסט נישט זיין, באָבע.
און היינט איז ער דאָ. ער איז אין צירק,
און אַז ס׳וועט זיך ענדיקן דער צירק, וועט ער אַרויסגיין.
און הירשקע וועט אים באַגעגענען און נייטן אים ברענגען.

אַ ל ט ע

וואָס פאַר אַ צירק? וואָס רעדסטו?

ווייב

און מיר האָט ער אַפילו נישט געזאָגט וועגן דעם.

רייזל

ער האָט געבעטן, אַז איך זאָל אייך זאָגן.

אַלטע

ס'איז דאָך אַזוי אָנגעוואָרפן אין שטוב. נישט צוגעקליבן.
(קריכט אַרונטער פון בעט)

רחל

איר דאַרפט זיין אין בעט.

אַלטע

נישט שיין צו ליגן, אַז געסט קומען. (צו רייזל און רחל)
וואָס-זשע שטייט איר אַליין ווי מבולבלע, האַ?

רחל

ניין, ניין, מיר זענען פריילעך.
(רייזל און רחל נעמען זיך ארום, קלאַמערן זיך איינע אין דער אנדערער. מאַכן זיך לוסטיק. עס קומט אַריין זאַליע, גייט צו זיין קעמערל, שטעלט זיך אָפּ.)

זאַליע

גוט וואָך.

אַלטע

אַ גוט יאָר. אַ גוט יאָר.

זאַליע

אַ הוליענ יש!

אַלטע

שבתענאַכט, ר' זאַליע. יונגוואַרג מאַכט זיך נאַריש.

זאַליע

געזען אַזוינס? נקבות. ס'איז מיין שטוב.

רחל

ווער נעמט צו אייער שטוב?

זאַליע

צונעמען?—נו נעם, נעם.
אָבער דערווייל איז מיין שטוב.



קומט מען זיך צו מיר און מען הוליעט! —
הפקר — וואָס?

רייזל

ביי אייער שכן. נישט ביי אייך

זאַליע

איך וועל אַריינלאָזן אַן אַנדער שכן.

ווייב

נו, האָט קיין פאַריבל נישט.

זאַליע

איך האָב פאַריבל. איך האָב. — טומל. שמחות.
וואָס איז די שמחה, האַ?
צופיל פיס דרייען זיך דאָ אַרום.
ליידאַקעס.

ווייב

ווער?

זאַליע

מען דרייט זיך. — נעכטן, אייערנעכטן.
חברות.
ווילנע וויינט. ווילנע קלאָגט.
און חברות ליאַרעמען, זינגען. — מופקרים.
און דיינער אויך. איך ווייס. אַן אָסטראָזשניק.

ווייב

נישט פאַר גנבה, חלילה.

זאַליע

הלוואַי פאַר גנבה, הלוואַי. (קערט אָפּ דאָס פּנים פון זיי)
נו קלאָגט ווילנע, נו קלאָגט זי—וועמענס דאַגה?
און וואָס איז היינט ווילנע? — יידלעך,
וואָס שרייען מיט גרויסע מיילער.
זאָלן זיי שרייען אין דר'ערד אַריין.
און אַז מען קלאָגט—איז אויף וועמען קלאָגט מען?
צי אויף די מורדים קלאָגט מען —

צי אויף די רשעות פונעם רשע קלאָגט מען —
צי, אפשר, אויף די געשמיסענע אחורס, האַ?

(אָפּ צו זיך מיט אַ קלאַפּ אין טיר. שהערע שטילקייט. פון קעמערל דערטראָגט זיך גלייך זאַליעס קול פון לערנען. ביז, פאַרקלעמט און שנײַדנדיק ווי אַ מעסער. עס דערהערן זיך פון גאַס געוואַלד־געשרייען, געלויפערײַ, טופּערײַ פון פערד, געפּיף און שיסערײַ.)

**ווייב**

(מיט געוואַלדן)

ווו איז הירשקע?

(לויפט ארויס. נאָך איר רחל און רייזל און אויך די אלטע, קוים־קוים שלעפּנדיק זיך. זאַליע לויפט ארויס פון קעמערל)

**זאַליע**

(שרייט)

וואָס איז דאָ?

**מענדל**

(פליט אַרײַן ווילד מיט צעשלײַדערטע עמער אויף די אַקסלען, מיט פריד־געשריי)

ער האָט אים! ער האָט אים!

**זאַליע**

מענדל, וואָס איז?

**מענדל**

(טאַנצט)

ער האָט אים געפּאַקט, הירשקע.

**זאַליע**

ווֶעמען?

**מענדל**

ער האָט אים צורעכט געמאַכט. דעם תּליון.

(פאָרהאַנג)



# בילד זעקס

(טויטן־קאַמער אין ווילנער טורמע. שפּעט אין דער נאַכט. לעקערט זיצט אויפן דיל מיט דער פּלײצע צו דער טיר און צייכנט צייכנס מיט אַ קויל אין האַנט. ער קוקט אויס ווי אַ ייִנגל, וואָס איז פאַרנומען מיט עפּעס אַ שפּילערײַ. זייער שטאַרק פאַרטאָן. אויף די פיס קייטן.)

**וועכטער**

(דורך די גראַטעס פון טיר)

וואָס טוסטו דאָרט?

**לעקערט**

(קערט זיך נישט אום, אַזוי ווי נישט אים טײַנט מען)

**וועכטער**

(קלאַפּט מיטן שליסל)

העי, שטעל זיך אויף דאָרט. טשודאַק אַזוינער.

**לעקערט**

לאָז אָפּ, מענטש.

**וועכטער**

אַז איך וועל אַרײַנקומען —

**צווייטער וועכטער**

וואָס רעדסטו אַסך? עפן די טיר און דערלאַנג אים —

**לעקערט**

(אין זעלביקן טאָן, הערט נישט נתפּעל)

אַוועק, מענטש.

(עס שליסט זיך אָפּ די טיר, געקלאַפּ און געקרעכץ פון

שלאָס אין דער שטילקייט. עס קומט אַריין דער העכטער,
אין האַנט אַ גרויסער שליסל. אויפֿן גאַרטל אַ רעוואָלווער.)

ווע כֿ ט ע ר

דו הערסט וואָס מען רעדט צו דיר?

ל ע ק ע ר ט

(זיצט אין דער זעלביקער פּויזע)

איך בין נישט טויב.

ווע כֿ ט ע ר

העל דיך אין קאָרצער נעמען.

ל ע ק ע ר ט

נעם.

ווע כֿ ט ע ר

נעם — ווי קען איך דיך נעמען? שוין קיין צייט נישטאָ.

ל ע ק ע ר ט

אַוודאי נישטאָ. די לעצטע שעה.

ווע כֿ ט ע ר

לעצטע שעה, יאָלדאַק אַזוינער.
וואָס פֿאַרשמירסטו די פּאָדלאָגע מיט קויל?

ל ע ק ע ר ט

איך שמיר נישט, איך מאָל.

ווע כֿ ט ע ר

וואָס מאָלסטו?

ל ע ק ע ר ט

דו זעסט נישט?

ווע כֿ ט ע ר

(קוקט זיך צו, שפּרינגט אָפּ אין שרעק)

תּליות?

ל ע ק ע ר ט

איך האָב אויסגעמאָלט מיין תּליה,
ווי זי וועט אויסזען פֿאַרטאָג, באַלד.

ווע כֿ ט ע ר

מיט די אייגענע הענט? ווער טוט עס אַזוינס?



ל ע ק ע ר ט

קריג מיר נאָך אַ קויל. קריג מיר —

ווע כֿ ט ע ר

ביסט אַ קינד, צי אַ טייוול — זאָג מיר.
טפֿו זאָלסטו ווערן — (אַ צווייטער העכטער קומט אַריין)
קוק נאָר וואָס ער טוט. תּליות מאָלט ער.

צ ו ו י י ט ע ר ווע כֿ ט ע ר

פֿון וואַנען ווייסטו, ווי אַ תּליה זעט אויס? האָסטו געזען ווען?

ל ע ק ע ר ט

ניין. און דו?

ע ר ש ט ע ר

געזען.

ל ע ק ע ר ט

נו, איז עס ריכטיק?

ע ר ש ט ע ר

ריכטיק, ריכטיק, טשודאַק אַזעטיקער.

צ ו ו י י ט ע ר

צו וואָס האָסטו עס איינגאַנצן באַדאַרפֿט, האַ?
אין פּלאַם פֿייער קריכֿן, אויפֿן גובערנאַטאָר שיסן? —

ל ע ק ע ר ט

איך האָב גענומען נקמה פֿאַר מיינע ברידער.

צ ו ו י י ט ע ר

סיי־ווי־סיי נישט געטראָפֿן.

ל ע ק ע ר ט

געטראָפֿן.

צ ו ו י י ט ע ר

אַ ריכטיקער שיסער ביסטו מיר. זיין עקסעלענץ דער גובער-
נאַטאָר לעבט דאָך.

ל ע ק ע ר ט

ניין, ער לעבט נישט.

צ ו ו י י ט ע ר

או, טייוול, מען זאָגט דאָך דיר—ער לעבט.

לעקערט

זאָל ער זיך לעבן פאַן וואל. מיך אַרט נישט. אָבער דער גו-
בערנאַטאָר איז טויט.

צווייטער

דו ווייסט כאָטש וואָס דו רעדסט? דערוויילע שטאַרבסטו —
פאַרדריסט עס דיר גאָרנישט?

לעקערט

איך האָב איבערגעלאָזט אַזאַ שיינע וועלט —
פאַרדריסט עס מיר אַוודאי.

אויסגעשרייען

(פון די קאָרידאָר; דערטראָגן זיך)

זאָל לעבן הירש לעקערט!

ביידע וועכטער

(לויפן ארויס, פארהאקן די טיר. מען הערט זייער געלויפעריי
און ווי זיי קלאפן מיט די שליסלען איבער אלע טירן און
זייערע דראָאונגען)

שווייגן. שווייגן.

לעקערט

(האט פארבראָכן מיט די הענט, איז צוגעפאלן מיטן פנים
אראָפ צום בעטל. ס'הערט שטיל. לעקערט הייבט זיך אויף.
זיצט. שטעלט זיך. גייט צו צום האנט און נעמט צייכענען
אויף דער הייסער האנט א גרויסע תליה אינעם גאנצן הוקס
פון א מענטשן. הערכטער עפנט ווידער די טיר.)

וועכטער

הער שוין אויף מיט די קוילן. דייניקע קומען זיך זעגענען
מיט דיר.

(דער הערכטער לאָזט אריין דעם פעטער, מאמען, ווייב און
מענדלען. לעקערט שטעלט זיך מיט דער פלייצע צו דער
האנט צו פארשטעלן א טייל פון די צייכענונגען. די אייגענע,
הען זיי קומען אריין, בלייבן שטיין ביי דער טיר. לעקערט,
העלנדיק פארשטעלן דאָס געמעל, רירט זיך נישט פון אָרט.
קומט אוים אפאָר רגעס, הען איינע אנטקעגן די אנדערע



שטייען אין א שטילן אָנקוקעניש. די פרויען האלטן איין
זייער געוויין ביז עם פלאצט ארויס און זיי לויפן צו צו
אים און כאפן אים ארום.)

לעקערט

אַלעמאַי זאָלט איר וויינען?

פעטער

(צו די פרויען)

האָבן מיר דאָך עפעס אָפגעמאַכט.

ווייב

אַז אויף וועמען לאָזטו מיך איבער?!

מאַמע

זון.

לעקערט

וויינט אָפ און מער נישט. (נעמט ארום דעם פעטער)
איר זייט דאָך עפעס אַן אונזעריקער, אַ שוסטער.

מענדל

(ביים טיר. די הענט ציטערן אים)

איך וויין נישט, הירשקע.

לעקערט

קום צו צו מיר, מענדל.

מענדל

(צו. כאפט לעקערטס הענט. זיין פנים צעגאָסן אין פייערלע-
כער פארגעטערונג)

הירשקעלע!

לעקערט

(נעמט אים ארום)

לאָז קיינעם נישט וויינען נאָך מיר.

מענדל

איך וועל דיך פאָלגן.

לעקערט

איך שטאַרב פאַר אַ הייליקער זאַך. פאַר דער אַרבעטער-זאַך.
(נעמט ארום דאָס ווייב) ביסט דאָך מיר אַ גוטע, אַ טייערע.

איך פאַרשאַף דיר אַזוי פיל יסורים —
וועסט דאָך אויף מיר קיין פאַרדרוס נישט טראָגן.

ווייב

אוי, ס'איז דאָך שוין אַלץ פאַרפאַלן.

(הייב קען זיך נישט באהערשן. אירע פיס ברעכן זיך צום פאלן. פעטער און מענדל האלטן זי צו.)

לעקערט

(מיט שטארקייט און באצווינגונג)

ווײנט נישט.

(די פרויען באהערשן זיך, ווערן שטארקער ביי זיך אונטער דעם קוק פון לעקערטס אויגן, וואָס נעמט זיי דורך. אויך דער פעטער)

פעטער

(הייזט אויפן געמעל)

צו וואָס טוסטו דאָס?

לעקערט

דער סוף.
געוועזן שוין. —
שוין נאָך אַלעמען,
שוין נאָך דער תליה.
איז דאָך מיר שוין גוט איצט.
קענט איר דאָך אַוודאי שוין רויק זיין.
און אַלץ וועט שוין איצטער צוגיין שנעלער.

מאַמע

(האלט עס נישט אויס)

זונעלע, שרייב אונטער אַ פאַפיר מען זאָל דיר מוחל זיין.

לעקערט

(טרייסלט מיט די הענט)

מאַמע! — (צו מענדלען) דו ווילסט אויך איך זאָל בעטן?

מענדל

הירשקעלע, בעט נישט.



לעקערט

אַ דאַנק דיר, ברודערל, איך וועל דיר דערפאַר אַ קוש טון.

(נעמט אים ארום און קושט אים)

מענדל

איך ווייס וואָס דו מיינסט. איך ווייס:
די אַרבעטער וועלן איינגעמען די גאַנצע וועלט —
אַלע מענטשן וועלן ווערן ברידער. —

לעקערט

יע, מענדל, יע.—אַלע מענטשן. אַלע —

מענדל

איך וועל דיך נאָך באַגעגענען אויפן גאַס, הירשקעלע.
דו'סט דאָך מיר דערקענען.
וועסט דערזען מיינע עמערלעך אויף מיינע פלייצעס —

לעקערט

איך וועל דיך גלייך דערקענען.

מענדל

לאָמיר דיך נאָכאַמאָל אַ קוש טון —

(נעמט אים ארום. טרעט אָפּ אויף צוריק. שטייט אויסגעגלייבט. זיינע אויגן ווערן אזויגע דורכגעדרונגענע, קלוגע, פול מיט דערקענטעניש און אויפגעלויכטנקייט)

זאָלסט נישט מורא האָבן, הירשקע, —
אַז דו וועסט פון דאַנען אַרויסגיין פאַרטאָג,
זאָל זיך דוכטן, אַז דו ביסט אויך אַ וואַסערטרעגער,
און דו גייסט און דו טראָגסט צוויי עמערלעך אויף די אַקסלען.
דו הערסט, הירשקע?

לעקערט

איך הער.

מענדל

ביסט געוועזן ביים ברונעם און אָנגעשעפּט זיי פולע,
דאַרפסטו גיין רויק און נישט הוידען זיך צופיל —
קיין טראָפּעלע נישט פאַרגיסן,
אַזוי ווי אַ גוטער וואַסערטרעגער.

לעקערט

טייערער ברודער דו! (ברעכט צוזאמען. מענדל כאפט אים אונטער)

מענדל

הירשקעלע, דו וויינסט דאָך —
וויין נישט.
אַפילו ביי מיין טאַטן איז די שמחה אַ גרויסע.

לעקערט

(שטעלט זיך אויף. צוריק שטארק)

אַלעמאַי טאַקע זאָל איך וויינען,
אַז איך לאָז דאָך איבער אַזוי פיל ברידער אויף דער וועלט.
אַזוי פיל חברים.
און איך — ווער בין איך?
טאָ אַלעמאַי טאַקע זאָל איך קלאָגן.
איך וואָלט וועלן נאָר פאַרלאַנגען,
מען זאָל מיך כאָטש אַביסעלע געדענקען —
און דו, מיין ווייב, אַז דו׳סט געבוירן אַ ייִנגעלע —

וועכטער

געענדיקט.

(פרויען פאלן צו לעקערטן, מענדל רייסט זיי אָפּ)

מענדל

נישט וויינען.

(פירט מיט גרויט קראפט אלעמען צו דער טיר. קיין נע-חיין. אלע גייען אָפּ הינטערוויילעכטס, די פנימער נישט אָפּ-קערנדיק פון לעקערטן. לעקערט שטייט דורכגעלויכטן, רויק, און באגלייט זיי מיטן קוק. מענדל אלץ מער און מער אויך איפשיינענדיק, דער לעצטער אָפּ. אז די טיר פארהאקט זיך, דערהערט מען, ווי דאס פרויען-געוויין גיט א בראָך ארויס, אָבער ווערט גלייך אָפּגעהאקט ערגעץ. עס קומט אריין דער ראַבינער. לעקערט קוקט ערגעץ אין זיין אויס-געלויכטנקייט, זעט נישט, הערט נישט.)

ראַבינער

אין די לעצטע מינוטן פון לעבן —



לעקערט

האַ?

ראַבינער

יעדער מענטש דאַרף זאָגן ווידוי.

לעקערט

אַז איר וואָלט הערן, וואָס מענדל האָט גערעדט —

ראַבינער

וועלכער מענדל?

לעקערט

מיין חבר פון קינדהייט
ווען איך זאָל זאָגן דעם גוטן מענדלען:
שטעל אונטער דו דיין האַלדז פאַר מיר —
וואָלט ער אונטערגעשטעלט. און איר — נישט.
טאָ צו וואָס זאָלט איר קומען?

(פויזע)

ווידוי? —
איך פאַרלייקן דאָך גאָרנישט.
און מיין האַרץ איז מיר ריין.
און מורא האָבן פאַרן טויט איז דאָך אַוודאי נישט שיין.

ראַבינער

און דערווייל האָט איר פאַרגאָסן בלוט און שיער נישט אַ מאָרד באַגאַנגען.

לעקערט

(ציטערט אויף)

בלוט? — האָט איר דאָס זעלביקע געזאָגט אויך פאָן וואַלן,
ווען ער האָט פאַרגאָסן דאָס בלוט פון מיינע ברידער?

ראַבינער

(שווייגט)

לעקערט

וועט איר אים זאָגן היינט, אַז ער פאַרגיסט בלוט?
וועט איר אים זאָגן?

ראַבינער

(שווייגט)

לעקערט

(מיט דראַנג)

זועט איר אים זאָגן? וועט איר אים זאָגן?

(זיינע רייד, די הענט, שפּאַרן דעם ראַבינער צו דער טיר צו, ראַבינער קען נישט אויסהאַלטן דעם דרוק פון זיי. הינ-טערוויילעכטס אָפּ, א שטומער, א פאַרלאָרענער. לעקערט, ציטערנדיק מיט אַלע אברים, גיט זיך א זעץ ארונטער אויפן בעטל. באַהאַלט דאָס פּנים אין די הענט, די טיר האַלט זיך אין פאַרשליסן, ווען עס דערטראָגט זיך א קאָמאַנדע-אויס-געשריי מיטאַמאָל: סמירנאָ! די טיר עפנט זיך צוריק)

וועכטער

(מיט שרעק)

סמירנאָ! אויפשטיין!

(עס קומט אריין פאָן וואַל ארומגערינגלט מיט א סוויטע וועכ-טער און הויפטאויפזעער. לעקערט גיט א הייב דעם קאָפּ, אָבער שטעלט זיך נישט אויף.)

וועכטער

(א צווייט מאָל)

אויפשטיין!

(לעקערט שטעלט זיך נישט אויף. וועכטערס גיבן זיך א וואָרף צו אים.)

גובערנאַטאָר

(האַלט זיי אָפּ)

זאָל ער זיצן.

(מאַכט א טריט נענטער צו לעקערטן, קוקט זיך איין אין אים)

אַזאַ יונגער נאָך. (צו לעקערטן) ווי אַלט?

לעקערט

וויפל מען דאַרף.

גובערנאַטאָר

אָט ווי, נאָך צו יונג צו זיין אַזוי פעסט.



לעקערט

פעסט נאָך מער ווי יונג.

גובערנאַטאָר

איך קען אָפּשטעלן דעם טויט, אייב —

לעקערט

איך בעט נישט איצטער קיין מחילה.

גובערנאַטאָר

היינט פאַרוואָס אַזוי בלייך דאָס פּנים?

און די ציין הער איך קלאַפּן.

לעקערט

זיי וועלן קלאַפּן און אויפהערן.

גובערנאַטאָר

טאַקע אַזוי-אָ—אַ פּראָסטער שוסטער?

(לעקערט קערט זיך אוועק מיטן פּנים)

טאַקע אויף אַן אמת מיך געוואָלט דערשיסן?

לעקערט

אַז מיין קויל האָט נישט געטראָפן, איז אַוודאי א פאַרדראָס —

אָבער איצטער אַרט דאָס מיך נישט.—נאָך בעסער.

מערדער וועט אויף אייביק בלייבן פאָן וואַל, נישט איך.

און אַז איך האָב נישט אויסגעפירט, וועט אויספירן מיין חבר.

גובערנאַטאָר

ווער איז ער?

לעקערט

מיין חבר פון דער גאַנצער וועלט.

(ער שטייט אויסגעצויגן מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ. פון די קאָרידאָרן דערטראָגן זיך אויסגעשרייען)

אויסגעשרייען

זאָל לעבן הירש לעקערט!

גובערנאַטאָר

איינשטיקן. פאַרטויבן. פאַרפּויקן.

(טרומייטעריי, געקלאַפּעריי פון שלעסער און שליסלען)

גרייט מאַכן די תליה אויף וואָיענע פּאָליע.

הויפּט פון טורמע

אַלץ איז גרייט, עקסעלענץ.

גובערנאַטאָר

און גלייך לעבן דער תּליה דעם קבר.

הויפּט

אַלץ וועט זיין גרייט, עקסעלענץ

גובערנאַטאָר

דאָס גאַנצע מיליטער זאָל איבערגיין איבערן קבר —
קיין זכר פון אים זאָל נישט בלייבן —
פּויקט אין די פּויקן —
פירט אים, דעם שוסטער-יונג.

(העכטערס זיילן אָנכאַפּן לעקערטן פאַר די הענט, לעקערט
שטויסט זיי אָפּ פון זיך.)

לעקערט

איך גיי אַליין.

(לאָזט זיך גיין. געפּויק און טרומייטעריי פאַרהילכן אַלע
אויסגעשרייען, וואָס צעטראָגן זיך פון אַלע קאַמערן. פאָרהאַנג
פאַלט, געפּויקעריי האַלט אָן. ווערט שטילער און שטילער.
פאָרהאַנג הויבט זיך אויף צוריק.
אַ שניידעריי-צימערל. רחל און רייזל זיצן איבער אַ „זינגער"-
מאַשין און נייען.)

רחל

(אין פאָלקסטאָן)

אַז הירשקע איז פון שטוב אַרויסגעגאַנגען,
געזאָגט האָט ער: אַ גוטינקע נאַכט.
ווי הירשקע איז צום צירק צוגעגאַנגען,
אַ קליינע ווילע האָט ער דאָרט פאַרבראַכט. —

רייזל

ווי די טיראַנען האָבן הירשקען צוגענומען,
איז געוואָרן אַ גרויס געדרודער;
איין חבר האָט געזאָגט צו דעם צווייטן:

ירם האָבן פאַרלאָרן אונזער בעסטן ברודער.

רחל

פיר אַזייגער פאַרטאָג
האָט מען הירשקען אויף וואָיענע פּאָליע געבראַכט.
און הירשקע האָט צום לעצטן מאָל געזאָגט:
מיינע טייערע ברידער, אַ גוטינקע נאַכט.

רייזל

ברידער מיינע, מיך הענגט מען שוין אויף;
קיין שום זאַך וועל איך נישט קענען טאָן;
אוי, ברידער, איר זאָלט נישט פאַרגעסן אָן מיר,
רעכענען זאָלט איר זיך מיט דער טיראַנישער נאַציאָן.

(פאָרהאַנג)

